# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מאָסקווע

10 אָקטיאַבער



1991

# אינהאלט



## ווערק פון אויסלענדישע שרײַבער



## מיר דערמאָנען א פאַרגעסענעם דיכטער



## ליטעראַטור־קריטיק



## מאַטעריאַלן פאַר א לעקסיקאָן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור...113

## בריוו פון דער אליִא

# "סאָוועטיש היימלאַנד" בייַט זייַן נאָמען

**(דער דיכטער מוישע פענס שמועסט מיטן הויפּט־רעדאַקטאָר פון "סאָוועטיש היימלאַנד" אַרן ווערגעליס).**

**מ. פענס:** "סאָוועטיש היימלאַנד" בייַט זייַן נאָמען? דאָס וועט זיכער ארויסרופן א סענסאַציע...

**א. ווערגעליס:** אליין דאָס סאָוועטישע היימלאַנד לעבט שוין הייַנט מיט אַן אנדער נאָמען.

**מ.פ.** און דאָך... איך בעט אייַך, קלערט אוף דעם פענאָמען.

**א.וו.** דער זשורנאַל "סאָוועטיש היימלאַנד" איז ארויסגעגאַן מיט זייַן ערשטן נאָמען אין מעשעך פון דרייַסיק יאָר. א סענסאַציע איז געווען בלויז דעמלט, ווען ער האָט זיך באַוויזן אַף דער וועלט. שפּעטער האָט מען געזוכט סענסאַציעס, נאָר אָן דערפאָלג.

**מ.פ.** יאָ, דאָס געדענקען מיר. אָבער דעמלט איז גאָרניט פאַרביטן געוואָרן אַף עפּעס אנדערס.

**א.וו.** די אדמיניסטראַציע פונעם לאַנד, וועלכע איז געקומען נאָך סטאַלינען, איז אין יענע טעג געווען געצוווּנגען אָפּשאַפן דעם טאַבו אַף דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. דאָס האָט באַטייַט, אַז דער צוואַנגס־אונטערגאַנג פון אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור איז אין היסטאָרישן פּלאַן פאַרביטן געוואָרן מיט א רעזשים פון עלעמענטאַרע באַדינגונגען פאַר איר ווייַטערדיקן גאַנג.

**מ.פ.** ווייַטערדיקער גאַנג — דאָס איז העמשעך. דעמלט — העמשעך און איצט אויך... ניט קיין צופעליקער איבערוף?

**א.וו.** יאָ, יאָ, העמשעך. און דאָס איז אונדזער נעכטן, אונדזער הייַנט און אונדזער מאָרגן. דאָס יידישע פאָלק האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט דעם געראַנגל פאַר זייַן ווייַטערדיקן קיום. די לעבן־געבליבענע יידישע ליטעראַטור איז דער וויכטיקסטער קאָמפּאָנענט פונעם העמשעך נאָכן קולטור־גענאָציד, נאָך סטאַלינס בלוטיקן פּאָגראָם איבערן יידישן פאָלקס־גייַסט.

**מ.פ.** איך שטויס זיך אָן, אַז דאָס וואָרט "העמשעך" ווערט ארויסגעשטעלט אַלס דער נייַער נאָמען פונעם זשורנאַל...

**א.וו.** אַזאַ געדאַנק איז געווען. מיר האָבן אָבער פון אַלע וואַריאַנטן אויסגעקליבן... טרעפט וועלכן...

**מ.פ.** "יידן, ראַטעוועט! (עס ברענט די שטוב פון דער יידישער ליטעראַטור...)"

**א.וו.** און אויב ערנסט?

**מ.פ.** ס'איז הייַנט אויסערגעוויינלעך שווער צוטראַכטן א נאָמען פאַר א פּעריאָדישער אויסגאַבע. אָט וועל איך אַף טשיקאַווע איבערזעצן אַף יידיש די נעמען פון אייניקע "גראָבע" רוסישע זשורנאַלן: "די פאָן" ("זנאַמיאַ"), "די נייַע וועלט" ("נאָווי מיר"), "דער שטערן" ("זוויעזדאַ"), "אָקטיאַבער"... דורכויס פּובליציסטישע שטאַמפּן.

**א.וו.** אין מעשעך פון די לעצטע יאָרן האָבן מיר געגרייט די אַטמאָספער פאַר א נייַעם נאָמען פונעם זשורנאַל. דער לייענער פילט שוין פון לאַנג, אַז די פערספּעקטיווע האָט אָפּגעפרישט די פאַליטרע פון "סאָוועטיש היימלאַנד", ארויסגערופן נייַע אי־

ניציאַטיוון, נאַציאָנאַלע געוואַגטקייט און מערער ייִדישע אייגנאַרטיקייט, זי האָט פאַרברייטערט דעם טעמאַטישן דיאַפּאַזאָן, געפונען מעגלעכקייטן צו באַפרידיקן די באַדערפענישן פונעם יונגן דאָר לייענער — די רוסיש־רעדנדיקע, און פונעם טראַדיציאָנעלן דאָר — די עלטערע מענטשן, וואָס צעשיידן זיך ניט מיט די דערמאָנונגען וועגן דעם שטעטל, מיט די אייביקע ווערטן, מיט די הייליקע ספאָרים און ייִדיש־היסטאָרישע מעקירעס. דאָס אַלץ האָט אונדז אַרופגעפירט אַף דער ברייטער ייִדישער גאַס, און וואָס ווייטער, ווערט ״סאָוועטיש היימלאַנד״ אַלץ אַנשוילעכער א שעפערישע טריבונע פון דער ייִדישער ליטעראַטור סיי אין אונדזער לאַנד, סיי אין אַנדערע לענדער פון דער וועלט.

**מ.פ.** איך פיל, אַז אין אָט די לעצטע רייד אייערע דאַרף מען זוכן דעם נייעם נאָמען פונעם זשורנאַל. ״שעפערישע טריבונע״? ״ייִדישע ליטע־ראַטור״?

**א.וו.** זוכט בעסער.

**מ.פ.** איז געבליבן ״די ייִדישע גאַס״! קיין מער פאַסיקן נאָמען דאַרף מען ניט. ס׳האָט געטראָפן אין סאַמע פינטל!

**א.וו.** אינעם נאָמען ״סאָוועטיש היימלאַנד״ איז פון אָנהייב געווען פאַרלייגט פובליציסטיק און פּאָלעמיק. אַנדערש האָט אין יענע יאָרן ניט געקאָנט זיין. און איצט איז געקומען די צייט א קוק צו טאָן אין טאָך...

**מ.פ.** ווען מע לייענט ״סאָוועטיש היימלאַנד״ פאַר די לעצטע יאָרן, שאַפט זיך אַן איינדרוק, אַז אונדזער זשורנאַל האָט פון לאַנג שוין געשעפּט פון די קוואַלן פון דער פּערעסטראָיקע. די איבערבויונג איז געקומען נאַטירלעך, און זי איז געגאַנגען מעטאָדיש, דורכגעטראַכט, טראָט נאָך טראָט. מע קאָן מיינען, אַז עס פאַרבינדט אייך מיט דער איצטיקער דעמאָקראַטישער אָריענטאַציע פונעם לאַנד עפּעס א סאָך.

**א.וו.** קיין שום סוידעס. גיכער איז עס די איבערצייגונג פון אונדזער רעדקאָלעגיע און פון דער רעדאַקציע, אַז דער זשורנאַל זאָל גיין אין אָט דער ריכטונג. אַלץ, וואָס איז געווען מעגלעך, האָבן מיר געטאָן, אָנגעהויבן פונעם 1961 יאָר, אַז דאָס אויסגעטרוימטע קאָלעקטיווע ווערק פונעם סאָוועטישן ייִדנטום זאָל אַנטשפּרעכן די פאָלקס־יעסוידעס. פאַרשטייט זיך, האָבנדיק אין זינען, אַז א דעמאָנסטראַטיוו אָפּזאָגן זיך פון אויספּילן אייניקע קאַטעגאָרישע פאָדערונגען מיצאַד די פילצאָליקע קוראַטאָרן פון אונדזער קאָנטראָלירטער אין יענע צייטן אויסגאַבע זאָל זי, כאָלילע, ניט אומברענגען ״אינמיטן וועג״, ניט אומקערן — שוין אַף שטענדיק! — די ייִדישע ליטעראַטור צו די צייטן פון ליקווידאַציע.

**מ.פ.** וועלכע פאָדערונגען האָט איר אין זינען?

**א.וו.** די אַלגעמיינע פּאָליטישע איינשטעלונגען, וועלכע האָבן געהאַט א שייכעס צו אַלע אָן אויסנאַם סאָוועטישע זשורנאַלן און צייטונגען.

**מ.פ.** די ״קאַטעגאָרישע פאָדערונגען״ זיינען היינטצוטאָג פאַרשוווּנדן?

**א.וו.** דער כוידעש־זשורנאַל ״די ייִדישע גאַס״ צוזאַמען מיט אַלע זיינע צוגאָב־אויסגאַבעס איז און וועט זיין אַבסאָליוט אומאָפּהענגיק פון אַוועלכער־ניט־איז פּאָליטישער און אידעאָלאָגישער סטרוקטור.

**מ.פ.** ווען זשע וועט דער זשורנאַל זיך באַווייזן אַף דער וועלט מיטן נייעם נאָמען?

**א.וו.** פון יאַנוואַר טויזנט ניין הונדערט צוויי און ניינציק.

**מ.פ.** א דאַנק אייך פאַרן אינטערוויו. ווי איר ווייסט, וווין איך אין מאַכאַטשקאַלאַ, צווישן דעם באַרג־פאָלק, וואָס רופט זיך טאַטן. בעשאַס דעם איצטיקן באַזוך אין מאָסקווע איז מיר אויסגעפאַלן דאָס גליק צו שמועסן אַף אָט דער בעפיירעש גוירלדיקער טעמע!

## בער סלוצקי

# פאר ערד, פאר פרײַהײַט

(היסטאָרישער ראָמאן)

יעהודע האָט געטראָפֿן עדנען זיצן אין איר מיידל צימער. אין דער דאָזיקער פרימאָרגנדיקער שאָ, נאָכדעם ווי די גאנצפרײַדיקע געסט, וואָס פלעגן קומען צו יוינאסאָנען, זײַנען אוועקגעגאנגען און אין פאלאץ איז געוואָרן רויִק און שטיל, האָט עדנע ליב געהאט זיצן בא זיך אין צימער מיטן געניי זעקעלע אף דער האנט און טאָן א מיידלשע ארבעט: שפּינען וואָל, נייען. דאָס מאָל האָט יעהודע זי געטראָפֿן באם פארענדיקן צוויי מאלבושים, וואָס רײַטער טוען זיי אָן אין וועג. שטילערהייט האָט זי געזאָגט יעהודען, אז איין מאלבעש איז פאר אים און דער צווייטער פאר זײַן באגלייטער, פאר שימען באר גיוראן. זי האָט אים געבעטן, ער זאָל אים דאָס ניט זאָגן, נאָר זאָל אים פון זיך שענקען דאָס קלייד.

יעהודע איז ארײַנגעגאנגען, האָט זיך אוועקגעזעצט לעבן איר א כמורנער און פארצאָרנטער. עדנע האָט באמערקט זײַן צעטראָגנקײַט און אים געפרעגט, וואָס איז געשען. נאָך א לאנגן קווענקלען זיך האָט ער איר דערציילט וועגן אלץ, וואָס שימען האָט מיט אים הײַנט גערעדט. דערהערט, אז שימען, קאָן זײַן, וועט ניט פאָרן מיט יעהודען קיין באָוול, איז זי שטארק בלייך און דערשראָקן געוואָרן, גלײַך מיט איר און מיטן גאנצן הויזגעזינד וואָלט געטראָפֿן א גרויסער אומגליק. און ניט אזוי די זאָרג, וואָס יעהודע וועט בלײַבן אָן א וועגפיו׳ער און באשיצער אין דער ווײַטער רײַזע האָט זי דערשראָקן, ווי די מוירע אזויארום צו פארלירן שימענען און קיינמאָל שוין ניט זען אים. דורך יעהודעס דערציילן יעדן טאָג וועגן זײַן באגלייטער איז שימען געוואָרן איר אלץ היימישער, נעענטער, שיר ניט אייגן, און אָן אומקלאָרע האָפֿענונג האָט איר אונטערגעזאָגט, אז סאָפּקאָלסאָף וועט שימען ווערן א גליד פון שטוב. זי האָט אפילע ניט געוווּסט, אייגנטלעך, צוליב וואָס וויל זי עס אזוי, נאָר אנדערש טראכטן וועגן דעם האָט זי ניט געקענט.

א לאנגע ווײַלע איז זי געזעסן ווי צעמישט, גלײַך א טײַערע זאך

---

פאָרזעצונג. אָנהייב זע ״סאָוועטיש היימלאנד״ נומ. 8, 1991.

האָט זיך אויסגעגליטשט פון איר האַנט און פאַרשווּנדן געוואָרן. פּילנדיק דאָס, האָט זי זיך מיטאַמאָל ווי אופגעכאַפּט פון איר גליווער, איז צעהיצט און צעטראָגן געוואָרן און גענומען איַינריידן יעהודען, אַז מע דאַרף טאָן אַלץ און ניט דערלאָזן צו אַזאַ אומגליק.

גראָד דעמלט איז אבע בען באַטיעך געווען בא זיי אין שטוב. ער איז געזעסן מיט יוינאָסאָנען אין זיַין באַזונדערן כיידער און געפירט מיט אים א שמועס. עדנע האָט ניט ליב געהאַט צו טרעפן זיך מיט אבע בען באַטיעכן, נאָר דאָס מאָל האָט איר זאָרג זי געטריבן זיך ווענדן צו אים נאָך הילף. זי האָט אָנגענומען יעהודען פאַר דער האַנט, אים מיטגעשלעפּט מיט זיך און, נעמענדיק רעשוס, איז זי אַריַינגעלאָפן מיט אים אין פאַטערס כיידער און האָט מיט קינדערשער שרעק אויסגערופן:

— איר ווייסט, סאַראַ אומגליק האָט אונדז געטראָפן? שימע באַר גיורא האָט פּלוצעם געמאָלדן, אַז ער וועט ניט גיין מיט יעהודען קיין באָוול!

יוינאָסאָן און אבע בען באַטיעך זיַינען געבליבן זיצן געפּלעפט. די קינדערשע צעטראָגענע פּנועמער, עדנעס שרעק אויסגעשריי האָט מער געווירקט אויף די צוויי עלטערע מענטשן, ווי די שלעכטע ניַיס אַליין, אַז דער קאַראַוואַן בליַיבט אָן א גענייטן באַגלייטער.

יוינאָסאָן האָט, ווי זיַין שטייגער איז, גענומען באַרויִקן עדנען און יעהודען, האָט זיך צעפרעגט, פאַרוואָס האָט שימען כאַראַטע געקראָגן, און האָט געזאָגט, אַז ער וועט נאָכאַמאָל איבערריידן מיטן יונגן מענטשן און איז זיכער, אַז ער וועט אים איַינבעטן דאָס ניט טאָן.

— אָט דאָס איז אונדזער יונגער דאָר! — האָט יוינאָסאָן מיט צאַר געזאָגט, — אפילע די בעסערע יונגעליַיט פון דעם פּראָסטן פאָלק זיַינען אָנגעזעטיקט מיט מערידע, מיט ווידערשפּעניקיַיט. אַז קיין וואָרט איז קיין וואָרט ניט, און אַן אָפּמאַך איז קיין אָפּמאַך ניט. דוכט זיך, א ליַיטישער באָכער, אַלץ איז אָפּגערעדט געווען און מיט די הענט איבערגעשלאָגן, איז וויִאַזוי זשע נעמט עס א מענטש און ברעכט זיַין וואָרט, און נאָך ווען? א פּאָר טעג פאַר דעם, ווי מע דאַרף זיך לאָזן גיין אין וועג?

אבע בען באַטיעך האָט גענומען פאַרענטפערן שימענען, געזאָגט, אַז ער קען שימענען פאַר זייער אַן אָרנטלעכן מאַן, וואָס זיַין וואָרט איז הייליק. עפּעס האָט געמוזט דאָ געשען, מע דאַרף זיך דערוויסן וואָס. עס קען ניט זיַין, שימען זאָל אָפּנאַרן, אונטערפירן. אבע בען באַטיעך האָט געקענט שימענען פון לאַנג, געהאַלטן שטאַרק פון אים. ער האָט אים געקענט נאָך פון יאַווגע און פון יערושאָלאַיִם, פון גאַדאַראַ און בעריטוס. ער האָט אַמאָל געזען אים זיך שלאָגן מיט די גריכישע יונגען פון גאַדאַראַ און ער איז אַנציקט געווען פון זיַין דרייסטקיַיט, פון זיַין גווּרע. א פּאָר מאָל האָט ער אים געדונגען צו באַגלייטן דורך די בערג א קליינעם קאַראַוואַן, וואָס איז געגאַנגען קיין קייסאַריע פיליפּוס, קיין בעריטוס און דאַמעסעק. ער איז אים געווען זייער סימפּאַטיש מיט זיַין צוריקגעהאַלטנקיַיט, מיט זיַין שמייכלען, מיט זיַינע שיינע אויגן און מיט זיַין האַלטן וואָרט. קיינמאָל האָט ער אים ניט געהערט אַרויסברענגען

פון מויל א מיעס וואָרט, אָדער א קלאָלע, אפילע א שווּע. ער האָט אפילע אים, אבען, אָפּגעראַטעוועט איינמאָל פון א זיכערן טויט. זיי האָבןביידע גערינטן אָף מויליזלען קיין אקאָ. אבעס מוילייזל האָט זיך איבער עפּעס דערשראָקן און גענומען לויפן און טראָגן זײַן רײַטער צו אן אָפּגרונט. ער האָט אים ניט געקענט אָפּהאלטן, כאָטש ער אליין איז אויך געווען גענוג שטארק.

דער מויליזל איז מעשוגענערהייט געלאָפן ווײַטער. נאָר דאָ האָט אים אָנגעיאָגט שימען, זײַן באגלייטער איז פלינק אראָפּגעשפרונגען פון זײַן מויליזל, פארלאָפן דער צעווילדעטער כײַע דעם וועג, זי אָנגעכאפּט פאר דער צוים, ארומגעכאפּט איר קאָפּ, אין איין אויגנבליק און מיט אן אומגעוויינלעכער קראפט און געשיקטקייט א בייג געטאָן די כײַע צו דער ערד און זי געצווּנגען זיך שטעלן אָף די פאָדערשטע קני. אבע האָט זיך מיט איר צוגעבויגן צו דער ערד, איז ארויסגעשפרונגען פון זאָטל און זיך איבערגעקוליעט איבער דעם מוילייזלס קאָפּ. ער איז אָפּגעקומען נאָר מיט דער אָפּגעריבענער הויט פון די צעשפּרייטע הענט און מיט א טיפן ריס אינעם מאנטל. דערווײַל האָט שימען געגלעט און עפּעס געטאָן דער כײַע, זי בארויִקט, אופגעשטעלט אָף די פיס און אָפּגעפירט פונעם ראנד פון אָפּגרונט. אבע האָט גענומען דאנקען אים, נאָר שימען האָט ווי גאָרניט געהערט, געשמאק געלאכט פון דעם קאָמישן אויסזען, וואָס אבע האָט געהאט באם איבערקוליען זיך איבערן מויליזל. אבע איז אויך אָנגעשטעקט געוואָרן פון שימענס פריילעכקײַט. זיי האָבן ביידע לאנג געלאכט און היימיש פרײַנטלעך גערעדט פון דעם געשעענעם פאל, וואָס האָט זיך גליקלעך געענדיקט. פון דעמלט אָן איז אבע צוגעבונדן געוואָרן צו שימענען. ער האָט אליין זיך געכידעשט אָף זיך, נאָר ער האָט דאָך געפילט, ווי עס ציט אים צו דעם דאָזיקן באָכער, וואָס איז פיל נידעריקער געשטאנען פון אים. ער האָט אים ליב געקריגן און אים געוואָלט געווינען פאר זייער שותפעס אָף שטענדיק, זײַענדיק זיכער, אז גאָט וועט דורך אים שיקן די בראָכע אין זײַנע געשעפטן.

דאָך האָט ער איצט געוואָלט, שימען זאָל א צײַט זײַן א ביסל ווײַטער פון אים. אבע בען באטיִעך האָט עפּעס געהערט גרוסן וועגן מענאכעם האגלילין. א סוואָרע, אז ער לעבט גאָר און אז עמעצער האָט אים אפילע ערגעץ געזען אין ציפּוירן צי ווו. אין פאָלק האָט מען וועגן דעם אָנגעהויבן שטארק ריידן, בעסאָד און פארשטעלט, מיט א מאָדנער האָפענונג און פרייד. דאָס האָט אבען באומרויִקט. ער האָט מוירע געהאט, עס זאָלן ווידער ווערן מעהומעס אין לאנד און שימען באר גיורא זאָל ניט בײַשטיין דאָס מאָל דעם ניסאָיען און אויך ארײַנגעצויגן ווערן אין זיי. דאן וועט ער אים געוויס אָף שטענדיק פארלירן און דאָס האָט ער זייער ניט געוואָלט. ער האָט זיך אליין געפּלאָנטערט אין זײַנע געפילן און ניט פארשטאנען, פארוואָס אין דער זעלבער צײַט, וואָס אים ציט אזוי צו דעם דאָזיקן מענטשן און וואָס ער וויל אים אזוי פארהיטן, האָט ער אויך זייער געוואָלט, ער זאָל זײַן פונדערווײַטנס פון יוינאָסאָנס הויז, פון קייסאריע. אבע האָט א לאנגע צײַט ניט געזען שימענען און ניט געהערט פון אים. פּלוצעם האָט ער איינמאָל אים

באַגעגנט אין קייסאַריע און זיך זייער דערפרייט מיט אים. ער האָט אים גלײַך פאָרגעלייגט צו באַגלייטן דעם קאַראַוואַן קיין באָוול. שימען האָט געזאָגט, אַז ער וויל סײַווי זײַן נאָכאַמאָל אין באָוול און האָט דעם פאָרשלאָג אָנגענומען.

אבע האָט איבערגערעדט מיט זײַנע שותפים, און זיי האָבן צוגעשטימט צו דינגען שימענען פאַר אַ באַגלייטער. און טאַקע באַלד האָט אבע ווידער דערפילט זײַן צעצווייט געפיל צום דאָזיקן גיבער און בראַוון מאַן. ער איז געווען צופרידן זיך ווידער באַגעגענען מיט שימענען און נאָך מער איז ער געווען צופרידן, וואָס שימען וועט אַוועק אויף לאַנג אין אַ ווײַט לאַנד. באַזונדערס האָט ער דאָס געוואָלט, זינט ער האָט באַמערקט, אַז עדנע ציִנדערט אונטער די אויגן צו יעהודעס באַגלייטער און אינטערעסירט זיך מיט אים צופיל. צופיל, האָט ער באַמערקט, ווערט זי אָנציקט און צערודערט, ווען יעהודע הייבט אָן דערציילן וועגן דעם דאָזיקן יונגן מענטשן. עמעס, אים האָט דאָס ניט געוווּנדערט. דאָס האָט אויסגעזען אין זײַנע אויגן אַזוי נאַטירלעך, דען ווי האָט מען ניט געקענט זײַן אָנציקט מיט שימענס העלדישקײַט? און דאָך האָט אים האַנאָע געטאָן, וואָס שימען קומט ניט אַרײַן אין יוינאָסאָנס הויף, וואָס עדנע זעט ניט דעם יונגן גיבער. ער האָט ווי מוירע געהאַט פאַר אַזאַ באַגעגעניש. עדנע איז צו יונג און איר האַרץ איז זייער אַ הייס — ווער ווייסט, זי קאָן נאָך, כאָלילע, פאַרכאַפּט און פאַרפירט ווערן פון זײַן שיינקײַט. דאָס וואָלט דאָך געווען ניט גוט און ניט לײַטיש. און ער האָט פון פרײַנטשאַפט צו יוינאָסאָנס הויז און פון ליבע צו זײַנע קינדער דאָס בעשום אויפן ניט געוואָלט דערלאָזן. אבע האָט אָבער אויך באַמערקט אין זיך, אַז, פאַרהיטנדיק אַזויאַרום עדנען, איז ער געווען ווי אָנגעשטויסן אויף שימענען, אויף זײַן שיינקײַט, אויף זײַן העלדישקײַט! און גלײַך שימען וואָלט דאָס שולדיק געווען, וואָס עדנע קאָן, כאָלילע, געשטרויכלט ווערן דורך אים, איז ער זייער צופרידן געווען, וואָס שימען גייט אַוועק קיין באָוול און אַזויאַרום וועט דער קאָוועד פון יוינאָסאָנס הויז אָפּגעהיט ווערן. און פּלוצלינג אַזאַ אומדערוואַרטע, אומאָנגענעמע נײַס! און אבע האָט אַ קלער געטאָן: צי האָט דאָס אַמאָל ניט קיין שײַכעס צו עדנען? ווער ווייסט, עפּשער באַגעגנט זי זיך מיט אים שטילערהייט? — דאָס בלוט האָט אים אַ פלייץ געטאָן צום האַרצן, צום פּאָנעם, זײַן מויעך האָט זיך אָנגעצונדן און ער איז אינגאַנצן צערודערט געוואָרן פון דעם דאָזיקן אומקלאָרן כשאַד. אָבער באַלד האָט ער זיך באַרויִקט. ער האָט אויף זיכער געוווּסט, אַז עדנע האָט נאָך קיינמאָל זיך ניט געטראָפן מיט שימענען, ניט גערעדט מיט אים. אים האָט פאַרדראָסן אויף זיך אַליין פאַר זײַנע ניט ריכטיקע כשאָדים, און, באַמערקט עדנעס איבערשרעק, האָט ער עס אויסגעטײַטשט, אַז דאָס דאָזיקע ליבע קינד האָט פּאָשעט מוירע לאָזן יעהודען אַליין אָן אַ זיכערער שוץ, דאָס האָט אים אינגאַנצן באַרויקט און דערפרייט, און ער האָט גענומען זי טרייסטן, באַרויִקן און אײַנריידן, זי זאָל קיין יעסורים ניט האָבן, ער וועט פּויעלן באַם יונגן מענטשן צוריקנעמען זײַן אָפּזאָג.

דאָך אַ צערודערונג איז פאָרט געבליבן אין פּאַלאַץ.

אָף יוינאָסאָנס לויטערן הימל האָבן זיך באַוויזן עטלעכע קליינע וואָלקנדליך, פון יענעם מין וואָלקנדלעך, וואָס אליין זייַנען זיי אומבאַדייַטנדיקע, נאָר זייַנען אָבער צומאָל אַן אָנזאָג פון אַ געוויטער, וואָס קומט אָן פון ערגעץ ווייַט.

דאָס ערשטע וואָלקנדל איז געווען שימען באַר גיִוראַס אָפּזאָג צו באַגלייטן יעהודען קיין באָוול. דאָס האָט שטאַרק באַאומרויִקט יוינאָסאָנען. עמעס, דאָראַס האָט געזאָגט, אַז דער וועג איז געזיכערט און קיין הונט וועט ניט קיין ביל טאָן אָף דעם קאַראַוואַן. יוינאָסאָן האָט אָבער אים ניט איבעריק געגלייבט און געהאַלטן פאַר בעסער זיך באַוואָרענען מיט פעסטע און אָרנטלעכע מענטשן. און פּלוצעם אַזאַ ניט דערהערטע אוולע מיצד דעם דאָזיקן יונגן מענטשן! עמעס, עס איז נאָך געווען אַ האָפענונג, אַז באַר גיִורא וועט צוריקנעמען זייַן אָפּזאָג, דאָך האָט יוינאָסאָן געהאַט פאַרדראָס און איז זייער באַאומרויִקט געווען: יעהודע וועט דאָך אַכוץ סכוירע פירן מיט זיך אויך זעק מיט זילבערגעלט. אַ צווייט וואָלקנדל איז געווען עדנעס אויסזען און איר האַלטן זיך. ער האָט פאַרשטיין ניט געקענט, פאַרוואָס גייט זי אַרום אַזאַ ניט פריילעכע, צעשטרייטע און פאַרבענקטע. ער איז געווען באַאומרויִקט פון דעם און האָט זיך געפרעגט: זאָל דאָס די פאָרשטייענדיקע סימכע האָבן אַרויסגערופן בא איר ווייַטע דערמאָנונגען, אַ בענקעניש נאָך דער מוטער, אָדער דאָס איז בא איר פון מוירע פאַר יעהודעס ווייַטער רייַזע, צי עפּשער איז זי פּאָשעט גאָר ניט געזונט?

יוינאָסאָן האָט שטאַרק ליב געהאַט זייַן באַסיעכידע, זי ליב געהאַט מיט אַ טיפן פאָטערלעכן ראַכמאָנעס און מיט אַ מוטערלעכער צאַרטקייַט און געטרייַקייַט.

זי האָט אים מיט זיך אַ סאַך זערמאָנט אין דעם ליכטיקן אָנדענק פון זייַן הייסגעליבטער פרוי מיריאָם, וואָס האָט זיך אַ יונגע פון אים אָף אייביק אָפּגעשיידט. ער האָט זי פאַרגעסן ניט געקענט און האָט געשטילט זייַן צאַארדיקע בענקעניש אין דער גרויסער ליבשאַפט צו זייַן איין און איינציק קינד. ער איז געווען איבער גליקלעך פון דעם, וואָס זי איז שטאַרק ענלעך צו איר מוטער ניט נאָר מיט איר אויסערלעכן אויסזען: מיט איר כיינעוודיקער אַניוועס און ליבער באַשיידנקייַט, מיט איר גוט האַרץ, מיט איר פרומקייַט און אָרנטלעכקייַט איז זי נאָך מער, ווי מיטן פּאָנעם און געשטאַלט, געווען געראָטן אין דער מוטער. ער האָט ווי אין אַ שפּיגל געזען אין איר דעם אָפּבילד פון מיריאָמען, און אַז ער פלעג אַרייַנקומען אין שטוב אַרייַן, האָט די שטוב ניט אויסגעזען פּוסט און קאַלט, ווי אין די ערשטע טעג נאָך דעם, ווי מיריאָם האָט זיך אים געפעלט. אים פלעג זיך דוכטן, אַז מיריאָמס גייַסט שוועבט אַרום אין אַלע ווינקעלעך, רוט אָף דעם שיינעם קינד. ער איז שטאַרק צופרידן געווען, וואָס אין עדנען איז ניט געווען צו באַמערקן קיין סימען פון דער צעלאָזענער פאַרשייַטקייַט, לייַכטזיניקייַט און לאָהעט זייַן נאָך צירונג און רייַכע קליידער, ווי עס איז צו זען בא די טעכטער פון די רייַכע לייַט אין יערושאָלאַיִם און קייסאַריע.

אָבער וואָס עלטער עדנע איז געוואָרן, וואָס שנעלער זי האָט

אָנגעהויבן אונטערוואַקסן און קערפּערלעך זיך אַנטוויקלען און דערנעענטערן זיך צו דער מיידלשער רײַפקײַט, צו ווערן אַ באַגרעס, אַלץ מער האָט זי אָנגעהויבן אָנצוּווערן איר קינדערשע שטיפעריַי, איר טאַנצנדיקע פרײַלעכקײַט און זינגעוודיקע זאָרגלאָזיקײַט. זי איז געוואָרן אַלץ ערנסטער, פרומער, צוריקגעהאַלטן, אים האָט אַפילע באַאומרויִקט די דאָזיקע צופיל קינדערשע פרומקײַט און ערנסטקײַט. ער האָט פאַרייִנס אויך באַמערקט, אַז צוזאַמען מיט דעם,. האָט איִם אַליין אָפטער און שאַרפער, ווי ביז איצט, באַפאַלן אַ בענקעניש נאָך אַ פרוי, נאָך אַ העלפערן פאַר זיך, נאָך אַ לעבנס באַגלייטערן. אין אַזוינע מאָמענטן האָט ער זיך געפילט ביז גאָר פאַרעלנט, פאַראַלמענט. זײַן בענקעניש נאָך מיריאַמען האָט אָנגעווירן איר שאַרפקײַט, און מיריאַמס געשטאַלט אַליין האָט באַקומען אַן אַנדער פּאָנעם, אַ מין רוכניעסדיקס, ווײַטס, האָט אַלץ מער אָנגעווירן זײַן מאַמאָשעסדיקײַט. ער האָט זיך אויך געכאַפּט, אַז אין אַזעלכע שאָען פלעג איִם איבערגיין עפּעס אַן אומקלאָרער הירהור: "צי האָט ער מיט אַן עמעס ניט געוומען אָפּ זיך צו אַ שווערן ניידער, וואָס איז איבער די קױכעס פאַר אַ באַסערוועדאָם און אַז ער וואָלט זייער וועלן, עדנע זאָל גיכער ווערן אַ באַגרעס, מע זאָל זי קענען אויסגעבן פאַר אַ מאַן, און אַזויאַרום פרײַ ווערן פון זײַן שוועו. אין אַזעלכע רעגעס פלעג עדנע מיט איר איבערגעטריבענער שטרענגער פרומקײַט זײַן ווי אַ לעבעדיקער פאָרוווּרף פאַר זײַן מינוטנדיקער שוואַכקײַט. איִם פלעג זייער אומעטיק ווערן אויפן האַרצן, און ער האָט זיך באַמיט צעטרײַבן פון זיך די זינדיקע הירהורים, זיך פאַרטומלען מיט פאַרשיידענע געמיינדע איניאָנים, מיט אייגענע גרויסע אונטערנעמונגען...

די גרעסטע אונטערנעמונג זײַנע איז געווען דער גרויסער פּאַלאַץ, וואָס ער האָט פּירגענומען צו בויען. ער האָט מיט דער דאָזיקער בויונג געוואָלט ניט נאָר באַשײַנען זײַן לעבן און דאָס לעבן פון זײַנע קינדער. ער האָט דערמיט געהאַט אויך אַן אַנדערע, גרעסערע קאַוואָנע — ער האָט געוואָלט מיט דעם דאָזיקן ביניען נאָך שטאַרקער פאַרפעסטיקן די לאַגע פון דער ייִדישער געמיינדע אין קייסאַריע, אין דער דאָזיקער האַלב רוימישער שטאָט, געוואָלט זײַן אַ בײַשפּיל פאַר די איבעריקע רײַכע ייִדן אין קייסאַריע, זיי זאָלן איִם נאָכטאָן, זיך נעמען פאַר דער ייִדישער בויונג, ווי ער האָט געזאָגט, און די שטאָט זאָל באַדעקט ווערן מיט גרויסע און שיינע ייִדישע פּאַלאַצן, וואָס זאָלן פאַרטונקלען און פאַרשטעלן מיט זיך דאָס פרעמדע, דאָס ניט ייִדישע אין איר, און ביסלעכווײַז די פאַרוואַנדלען פון אַ קליין רוים אין אַ קליין ירושאָלאַיִם.

און ער איז פאַרכידעשט און באַאומרויִקט געוואָרן, צוזעענדיק, ווי קאַלט עדנע האָט אויפגענומען די בויונג פונעם פּאַלאַץ, האָט ניט גענומען קיין שום אָנטייל אין איר און געבליבן פרעמד צו אַלץ, וואָס עס האָט זיך געטאָן אויפן גרויסן פּאַלאַץ, אויף וועלכן דער פּאַלאַץ איז געבויט געוואָרן.

איינמאָל איז ער געקומען פון דעם בויונג פּלאַץ אַ ביסל אַ מידער, אָבער פרײַלעכער אַרומגערינגלט פון די שטוב מענטשן און פרײַנט, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף זײַן פּאָטערשטול און זיך געטיילט מיט די

פרײַנט מיט דער פרייד, וואָס האָט איבערגעפּולט זײַן האַרץ, האָט דערציילט וועגן דעם שײנעם און טײַערן ווײַסן, קימאַט דורכזיכטיקן מירמלשטיין, וואָס עליעזער בען כאַרסיומס שיפן האָבן געבראַכט פון די אינדזלען פון יאַם פאַר זײַן פּאַלאַץ, אַ מירמלשטיין, וואָס אַפילע אין רוים זעט מען אים זעלטן. אַלע האָבן זיך געפרייט מיט דער נײַס און האָבן אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז דער פּאַלאַץ וועט מיט זײַן שײנקײַט פאַרשטעלן די גרעסטע און שענסטע ביניאָנים אין דער וועלט. נאָר עדנע איז געשטאַנען, האָט געשוויגן און אָף איר פּאָנעם איז ניט געווען צו באַמערקן דעם קלענסטן אינטערעס צו דעם, וואָס דער פּאָטער האָט דערציילט.

יוינאָסאָן האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, וואָס איז געווען אַ צייכן, אַז ער וויל בלײַבן אַליין און אָפּרוען. אַלע האָבן פאַרלאָזט דעם צימער. נאָר אײנע עדנע איז, ווי איר שטייגער איז, געבליבן מיט אים. אַ קליינע ווײַלע איז געווען אינעם כיידער שטיל, און יוינאָסאָן האָט ווי געוואַרט, זי זאָל אים עפּעס זאָגן. זי איז צוגעגאַנגען צו זײַן שטול, האָט זיך אוועקגעזעצט אַפן טעפּיך לעבן זײַנע פיס, די הענט אוועקגעלייגט אָף זײַנע קני, ווי זי פּלעג ליב האָבן צו טאָן, ווען די איז נאָך גאָר אַ קליינינקע געווען, האָט אופגעהויבן אירע אויגן צו אים און מיט אַ ווייך צאַרט קאָל געזאָגט:

— טאַטע, צו וואָס האָסטו זיך אונטערגענומען בויען אַזאַ גרויסן ביניען? מיר זײַנען דאָך זאַלבעדריט, מיט כאַנען — זאַלבעפערט, איז צוליב וואָס דאַרפן מיר אַזאַ גרויסע געבײַדע? אַ גאַנצע בידאָ, ווי דער אַלטער יאַנקעוו זאָגט.

— וואָס הייסט אָף וואָס? — האָט ער זיך פאַרוווּנדערט אָף איר קינדערשער פראַגע. — צי דען ווייסטו ניט, אַז אַ שיינע גרויסע וווינונג און שיין מעבל, אין דעם מאַכן מיר ברייטער דאָס האַרץ פונעם מענטשן, דערהייבן זײַנע געדאַנקען, פאַרשאַפן אים פרייד און נאַכעס? און פאַר וועמען איז מײַן גאַנצע מי, אויב ניט פאַר אײַך, קינדער, איר זאָלט געניסן אין אַ פולער מאָס פון גאָטס גאָב?

— געניסן מיר דען אַזוי אויך ניט אין דער פולער מאָס פון גאָטס כעסעד? — האָט זי געענטפערט. — אונדזערע אָוועס, דערציילט כאַנע, האָבן געוווינט אין בײַדלעך. גאָטס פאָלק, זאָגט זי, וווינט אויך איצט אין קליינע הײַזקעס, אָן פענצטער אַפילע, ווי אין בײַדלעך פון ליים און שטיין... איז פאַרוואָס דאַרפן מיר זיך אופהייבן העכער פונעם גאַנצן פאָלק און וווינען אין פּאַלאַצן?

ער האָט מיט אַרופגעצויגענע ברעמען שטויגנדיק אַ קוק געטאָן אָף איר און געפרעגט:

— קינד מײַנס, גאָט איז מיט דיר, ווער לערנט דיר צו ריידן אַזעלכע נאַרישע רייד? גאָט האָט קיינמאָל ניט פאַרבאָטן דעם מענטשן אָנצוטאָן זיך פאַרגעניגנס, צו וווינען אין פּאַלאַצן אַפילע. ניט מער, ניט אַלעמען איז געגעבן געוואָרן דאָס גליק און דער מאַזל צו געניסן אין אַ פולער מאָס פון גאָטס בראָכע, און נאָכקלערן נאָך גאָטס וועגן טאָרן מיר אַוודע ניט. זע, דער הייליקער אַליין, געבענטשט זאָל זײַן דער

נאָמען זײַנער, וואָס די גאַנצע וועלט איז זײַנע, האָט ער אויך אויסדערוויילט פאַר זיך אַן אָרט צו מאַכן רוען דאָרט זײַן נאָמען ניט קיין בײַדל, נאָר דעם בייס האַמיקדעש, דעם שענסטן ביניען אין דער גאָרער וועלט.

— אָט האָסטו דיר אַ פאַרגלײַך! — האָט זי מיט אַ קינדערשן ניצאָכן אויסגערופן. — ברענגסט אַ רײַע פון גאָט, וואָס ער איז איינער און פון אים איז קיין גרעסערער ניטאָ אױף דער וועלט. אָבער ווייסטו דען ניט, אַז גאָט האָט אויך האָט אויסגעקליבן, אַזוי זאָגט כאַנע, דעם שענסטן ביניען צו מאַכן רוען זײַן נאָמען אין אים גאָר ניט פאַר זיך, נאָר קעדיי יעדער אָרעמער מענטש זאָל אַרײַנקומען אין אים און זאָל זיך פילן דאָרט, ווי בא זיך אינדערהיים. גאָט, זאָגט כאַנע, האָט טאַקע צוליב דעם געלאָזן אָפן זײַן הויז פאַר אַלעמען. און אפילע, זאָגט זי, ווען אַ מענטש איז אַזוי אָרעם, אַז ער האָט ניט זײַנס קיין אייגן בײַדל אויך ניט, קומט ער אין בייס האַמיקדעש אַרײַן, וואָס איז אַלעמענס און אויך זײַנער, דערזעט ער זיך גאָרניט אַזוי אָרעם און פאַרוואָרלאָזט. ווערט ער בא זיך שטאַרקער און כאָטש איין מאָל אין אַ שאַבעס און איין מאָל אין אַ יאָמטעוו פילט ער זיך אויך אַ מענטש ווי אַלע, וואָס פאַרמאָגט זיך זײַנע גיטער, פילט זיך ווי אַ מין סראָרע און פאַרגעסט אָן זײַן עלנטקײַט און אין זײַן אָרעמקײַט. אַקעגן זשע, זאָגט כאַנע, די פּאַלאַצן פון די רײַכע מענטשן זײַנען דאָך קיינעמס ניט, נאָר זייערע, געהערן נאָר צו זיי, צו די רײַכע, טיר און טויער אין די פרעמדע פּאַלאַצן, זאָגט זי, זײַנען שטענדיק געשלאָסן און באַוואַכט פון היטערס, און אַן אָרעמער מענטש האָט גאָר מוירע אפילע זיך דערנעענטערן צו זיי, ווײַכט זיי פאַר אַ מײַל, ער האָט מוירע, די היטערס זאָלן אים ניט כוישעד זײַן, אַז ער איז אַ גאַנעוו, אָדער אַ גאַזלען און זיי זאָלן אים ניט באַפאַלן, שלאָגן, אָדער גאָר אין טפיסע אַרײַנוואַרפן אומזיסט און אומנישט, נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אַן אָרעמאַן. צו אונדז אין שטוב קומען אַרײַן אָרעמע מענטשן אָן מוירע, די טירן זײַנען פאַר זיי שטענדיק אָפן. אָבער אַז דו וועסט אויסבויען דעם פּאַלאַץ, וועלן שוין די טירן זיך אָף שטענדיק פאַר זיי פאַרמאַכן... איך אַליין וועל זיך אין אים אויך פילן ווי אַ געפאַנגענע, אָפּגעשיידט פון גאָטס פאָלק...

ער האָט זיך צוגעהערט, ווי זי רעדט, ווי אַן אַלטע, ווען אפילע עפּעס ניט קיין אָנגענעמע רייד, אָבער ניט גאָר אינגאַנצן קיין אָפּגעפרעגטע... ער אַליין האָט דאָך אויך טאַקע פאַרווטיילט די רײַכע מענטשן, וואָס שליסן זיך אָפּ פון דער וועלט מיט זייער רײַכקײַט און באַהאַלטן זיך מיט דעם אונטער זיבן שלעסער. ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז בא אים וועט אַזוי ניט זײַן. ער איז געווען זיכער, אַז דער דוירעסדיקער אַלטער שטוב שטייגער, וואָס איז בא אים אײַנגעפירט ביז אַהער, וועט זיך ניט ענדערן אינעם נײַעם רײַכן פּאַלאַץ אויך, ער איז שטאַרק גערירט געווען פונעם קינדס קלוגע רייד, האָט זי אַ צאַרטן קוש געטאָן אין שטערן און האָט איר געזאָגט:

— נאַרישקײַטן, וואָס דו רעדסט, דו וועסט זײַן פרײַ אינעם פּאַלאַץ, ווי איצט אין דער דאָזיקער שטוב. קיינער וועט ניט פאַרשליסן פאַר

קיינעם די טירן און די טויערן. וועסט זיך צוהערן צו אלצדינג, וואָס כאנע וועט דיר אָנפּלוידערן...

ער האָט בא זיך א טראַכט געטאָן, אז ס'וואָלט שוין צײַט געווען, עדנע זאָל האָבן, ווי עס פירט זיך בא פאַרנעמע לײַט, א יונגט געזעלן, א יונגע פרוי, א הײַנטצײַטיקע און ניט נאָר אָט די, עמעס, זייער געטרײַע, אָבער זייער אַלטמאָדישע, אָפּגעשטאַנענע און באַגרענעצטע כאנע.

און ער האָט גענומען פאַרזיכטיק צוצוגרייטן עדנען צום געדאַנק, אז זי איז שוין באַלד א קאַלע מיידל און דאַרף זיך אָנהייבן אַנדערש פירן, זיך מער אָפּגעבן אויך מיט איר קליידן און פוצן זיך.

דאָס האָט אים אָבער ווייניק געראָטן. וויפל, אשטייגער, האָט אים און אלעמען אין הויז, אפילע כאנען, געקאָסט מי, ביז מע האָט בא איר געפּועלט, זי זאָל צוגרייטן זיך די נײַע קליידער, וואָס ער האָט איר געבראַכט, און זיי אָנטאָן צו דער סודע צוליב די הויכע דערוואַרטע געסט.

יוינאָסאָן האָט פאַרשטיין ניט געקענט, פּונוואַנען נעמט זיך בא אזא יונג, שיין און בעטעווע לעבנסלוסטיק מיידל אָט די איבעריקע נייגונג צו צניעס, צו פרומקײַט, דאָס באַנוגענען זיך מיט ווייניק און איר צוגעבונדן זײַן אזוי שטאַרק צו אלץ, וואָס איז פונעם גאָר אַלטן שטייגער.

אליין אלס זייער רײַכער מאַן און קאָרעוו לעמאַלכוס, וואָס איז באַקאַנט מיטן לעבנשטייגער פון די גרויסע שטעט אַנטיאָכיע, אלעקסאַנדריע, רוים, — האָט ער ליב געהאַט צו פירן זיך רײַך און ברייט, טראָגן שיינע און טײַערע מאַלבושים. פאַר יעדן טאָג אין וואָך האָט ער געהאַט אַן אַנדער קליידונג. יעדן טאָג האָט ער געביטן זײַן העמד, זײַן אויבער מאַלבעש. ער פלעגט זאָגן, ער פילט זיך דורך דעם יעדן טאָג ווי א באַנײַטער. פאַרוואָס זשע איז עדנע ניט אזא? פון וועמען זשע האָט זי איבערגענומען איר אָפּשטויס צו אלץ, וואָס זעט איר אויס צו זײַן ניט יידיש און, ווי זי זאָגט, פאַרשווענדעריש רײַך? און זי איז דאָך ניט קיין קאַרגע, פאַרקערט, האָט א ברייטע האַנט, און איר גאָב פאַר די אָרעמעלײַט איז שטענדיק א רײַכע, א גרויסע.

אלעמאָל, ווען ער קומט פון א ווײַטער נעסיע, ברענגט ער א סאַך אַנטיקן און טײַערע זאַכן, שטוב קיילים, דעריקער שיינע קליידער און טײַערע צירונג פאַר איר, פאַר זײַן באַסיעכידע. זי אָבער פרייט זיך נאָך ווי ס'ניט איז מיט די רײַכע שטוב קיילים, ווייניקער מיט די טײַערע ציר זאַכן און קימאַט גאָרניט מיטן צירונג און מיט די קליידער פאַר איר אליין. זי דאַנקט אים אפילע אלעמאָל פאַר די מאַטאָנעס, אָבער פאַר וועלכע? זי דאַנקט און נעמט צו די מאַטאָנעס, וואָס ער ברענגט פאַר איר אליין, אָן אנציקונג, אָן מיידלשער היספּײַלעס און פרייד, באַרימט זיך ניט מיט זיי קיינמאָל פאַר די געסט, פאַר כאַווערטעס, זאָגט אלעמאָל: צו וואָס ברענגט ער זיך אזוי אויס אף איר? זי האָט שוין אזוי אויך אָן א שיר זאַכן. די קאַסטנס, זאָגט זי, און די שאַצקאַמער זײַנען פול אָנגעפּאַקט מיט זיי. ווען וועט זי זיי אָנטאָן, ווען און צוליב וואָס וועט זי טראָגן אף זיך דאָס אלץ?

איס האָט פון די דאָזיקע רייד ווי גוטאָן זיין פּאָטערס האַרץ. ער פלעג איר זאָגן, אויב ניט קויפן אָט די אַלע זאַכן, אויב ניט האַנאָע האָבן פון זיי, איז צו וואָס זשע טויג איס זיין רייכקייט און וואָס דען וועט ער טאָן מיט דעם? און זי האָט ווי גאָרניט פאַרשטאַנען, געפּרעגט מיט קינדערשע טמימעס, צוליב וואָס דאַרף ער ביכלל האָבן אַזאַ גרויסע רייכקייט, און וואָס נויט איס צו יאָגן זיך נאָך איר, אַז מע קאָן אַזוי אויך שיין אויסקומען אָן דעם. ער פלעגט שטוינען, זיך שטאַרק מעצאַער זיין און איינטיינען מיט איר:

— ניט גוט אַזוי, מיין טאָכטער. גאָט האָט געשיקט צו מיר אין שטוב זיין בראָכע און געבענטשט אַלע מיינע טועכצן. מיט דיין קאַלט אָנעמען די דאָזיקע גאָטס בענטשונג, קענסטו נאָר דערצאָרענען איס. עס שטייט געשריבן: "זיי ניט צופיל פרומ!" וואָרעם וואָס איבעריק — איז אומגעזונט. מע טאָר ניט גיין קעגן גאָטס דראָכים. גאָט האָט שוין אַזוי באַשאַפן די וועלט, דער מענטש און ביפּראַט די פרוי זאָל זיך שיין קליידן און צירן צו געפינען כיין בא לייט און די אויגן. אַפילע כייעס און פייגלען האָט ער צוליב דעם אויסגעצירט מיט שיינער פעל, מיט פאַרביקע פעדערן, מיט דערהויבענע הערנער, זיי זאָלן געפעלן ווערן איינס דעם אַנדערן און אויך דערפרייען דעם מענטשנס האַרץ. אַפילע די בלומען האָט ער צוגעגעבן יעדער איר פאַרב און יעדער איר ציר: דאָ אַ שפּרענקעלע, דאָ אַ קאָלירט פעדערל, דאָ אַ פאַרביק בלעטעלע, און דאָס אַלץ צו באַשיינען און צו פרייען דאָס אויג. ווען ניט דאָס, וואָלט די וועלט גאָר ניט קעדיי געווען און קיין קיעם ניט געהאַט. איז וואָס זשע ווילסטו אָפּווענדן גאָטס ראָצן? ענדערן דעם סיידער פון דער וועלט? אַליין די כאַכאָמים אונדזערע זאָגן: "די גרויסקייט פון גאָט איז אינעם מענטשן, און די שיינקייט פונעם מענטשן איז אין קליידער". דיין מאַמע, זאָל זי ליגן אין פרידן אין איו רו, איז געווען אַ צנוע, אַ פרומע און באַשיידענע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ באַס יִסראָעל, דאָך האָט זי זיך שטענדיק אָנגעטאָן אינעם שענסטן און אינעם בעסטן.

— איך טו דאָך אויך אַלעמאָל גערן אָן דער מאַמעס קליידער, איר צירונג, — האָט עדנע געענטפערט, — דו אַליין האָסט דאָך מיר שטענדיק צוגערעדט צו דעם. דו זאָגסט, זיי פּאַסטן מיר אַזוי, אַז איך זע צומאָל אין זיי אויס, ווי די מאַמע אַליין, איך האָב זיי שטאַרק ליב, דער מאַמעס קליידער.

— נאַריש קינד וואָס דו ביסטו! — האָט ער איר דערווידערט, — די מאַמע האָט זיך געקליידט און געצירט נאָך איר צייט נאָך, ווי דער שטייגער יענע יאָרן. די מאַמע האָט געלעבט אין גושכאַלאַוו. מיר אָבער וווינען איצט אין קייסאַריע, אין אַ קייזערלעכער הויפּט שטאָט, איצט איז אַן אַנדער צייט. יעדער זמאַן האָט זיך זיין פּירעכץ. אין גושכאַלאַוו האָבן מיר געלעבט צווישן היימישע רֵיידער, צווישן פּאָשעטע מענטשן. דאָ אָבער קומען צו אונדז אין שטוב אַריין יידישע, רוימישע, גריכישע גרויסע לייט, סראָרעס און רייכע מענטשן. אופנעמען אַזעלכע פּאַרנעמע געסט אין דער קליידונג פון גושכאַלאַוו וואָלט דאָך געווען אַ באַליידיקונג פאַר זיי. ווען דיין מאַמע זאָל לעבן, וואָלט זי אויך זיך געפירט, ווי

מע פירט זיך איצט הי. דו ביסט בא מיר אן איינציקע, איין אויג אין קאָפּ. דו ביסט שוין א ביסל אונטערגעוואקסן און יעדער באטראכט דיך ווי א הויזווירטן, ווי א באַלעבאָסטע פון שטוב, איז דאַרפסטו זיך פירן, ווי עס פּאסט פאר א רייַך און לײַטיש הויז. א מענטש דאַרף גיין מיט דער וועלט. און ניט קעגן איר. גאָט אליין האָט אפילע דעם קויהען גאָדל געבאָטן, ער זאָל זיך באווייַזן פאר אים ניט אנדערש, ווי אין די שענסטע און טייַערסטע קליידער!

— אזוי! — האָט זי אים קלוגיטשקע געענטפערט. — דאָס איז דאָך דער קויהען גאָדל, דער גרעסטער מענטש, וואָס שטעלט זיך פאר גאָט, וואָס אויך פון אים איז אף דער גאָרער וועלט קיין גרעסערער ניטאָ. אָבער מיר! מיר זייַנען דאָך פּאָשעטע מענטשן, ווי אלע. איז פארוואָס זאָל דאפקע איך זיך פּוצן, ניט ווי אלע, אין גאָלד און אין זייַדנס? דו האָסט מיר אליין. וויפל מאָל דערציילט, — געדענקסטו? — ווען מיר האָבן נאָך געוווינט אין גושכאלאוו, אז דער נאָווי יעשייַע האָט געשטראָפט די טעכטער פון יערושאָלאַיִם דערפאר, וואָס זיי האָבן זיך רייַך געפּוצט און געצירט און געקלונגען מיט די שיך גלעקעלעך אף די פיס. און דו אליין, ביסטו דען ניט אופגעבראכט אף מארטאָ באס בייַטוס פאר איר פארשווענדן דעם פּאָטערס גוטס אף רייַכע צירונגען און קליידער, וואָס זי ברענגט פון דער פרעמד? און וויפל מאָל האָסטו אויך מיר געוואָרנט, איך זאָל זיך ניט פירן, ווי די טעכטער פון יערושאָלאַיִם, און אצינד מאָנסטו בא מיר, איך זאָל עס טאָן, ווייַל צו אונדז אין שטוב קומען אריין רייַכע רוימער און גריכן!

— נאריש ציגל וואָס דו ביסט! — האָט ער מיט ליבע און מיט האנאָע פון איר כאָכמע געזאָגט. — וואָס פארשטייסטו אין אזוינע זאכן? ניט פאר שיין קליידן זיך האָט דער נאָווי געשטראָפט די טעכטער פון ציִען, נאָר פאר די זינדיקע קאוואָנעס, צוליב וועלכע זיי האָבן עס געטאָן! און אף מארטאָן בין איך אופגעבראכט אויך נאָר דערפאר, וואָס זי טוט עס צוליב זינדיקע קאוואָנעס. און נאָך מער דערפאר, וואָס מיט איר אופירן זיך וועקט זי בא די פרויען פון די אָרעמע מישפּאָכעס קינע און כיישעק איר נאָכצוטאנצן, און צוליב דעם נויטן זיי זייערע פּאָטערס און מענער צו טאָן שלעכטס און זינדיקן קעגן גאָט און לײַט!

זי האָט מיט דערעכערעץ שווייַגנדיק צוגעהערט זייַנע רייד, און איז דאָך געבליבן בא איר אייגענעם עמעס. יוינאָסאָן האָט דאָס געפילט און געזען, און ער האָט זיך געפרעגט: פונוואנען נעמט זיך צו איר — אזא צארטע און הארציקע — די דאָזיקע אקשאָנעס? צי איז דאָס ניט אמאָל א יערושע פון דער מוטער? זי, מיריאָם, פלעגט דאָך אויך צייַטנווייַז פּלוצעם אים איבעראשן און פארכידעשן מיט איר אומגעווייִנלעכער אייַנגעשפּארטקייַט און הארטקייַט! דאָס האָט אָבער אים ניט פארענטפערט זייַן שטוינען, און ער האָט ארופגעוואָרפן די שולד אף דער נייַער לערע פון די גאליליייער, דאָס ווירקט זי צום שלעכטן אף די יונגע הערצער און פירט אראָפּ די יונגע קינדער פונעם רעכטפארטיקן וועג.

די לערע פון די גאליליייער איז געווען דאָס סאמע שרעקעוודיק וואָלקנדל, וואָס האָט אף אים אָנגעוואָרפן א טויטשרעק און וואָס ער

האָט עס פּיַינט געהאַט פונעם גאַנצן האַרצן. צומאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אָט ווערט דאָס וואָלקנדל צערונען, פאַרשווינדט און אים פלעגט ווערן גרינג אויפן האַרצן, נאָר מיטאַמאָל באַוויַיזט זיך עס ווידער אויפן עק הימל, הייבט אָן מוירעדיק וואַקסן און ווערט גרויס, און אָט רוקט עס זיך שוין אויף אים ווי אַן איימעדיקע געל ברוין שוואַרצע שטורעם כמאַרע, וואָס קנוילט זיך, הויפט זיך אָן, וואַלגערט זיך אָן, פאַרדעקט די זון, דונערט ערגעץ אינווייניק אין זיך מיט אַ דראָענדיקן דונער, יאָגט זיך מיט ווילדן אימפּעט און אָט באַלד וועט עס זיך צעוויטערן, צעשטורעמען מיט ראַש, מיט קוילע קוילעס און וועט אַלץ פאַרניכטן, צעשמעטערן און לאָזן נאָך זיך וויסטעניש און קלאָג. אים פלעג דאַן באַפאַלן אַן אַנגסט און מוירע, ער האָט שוין געזען דאָס הייליקע הויז, די הייליקע שטאָט אין רוינען, אין סרייפעס, דאָס לאַנד פאַרגאָסן מיט בלוט און גאָטס פאָלק פאַרטיליקט און איבערסנייַ אראָפּגעטריבן פון דער ערד, פאַרטריבן פון גאָטס טיש, פון גאָטס לאַנד, און גאָטס לעבעדיק, הייליק וואָרט, די טוירע, שטייט, כאָלילע, אין סאַקאָנע פאַרגעסן צו ווערן. ווידער וועט אויף דוירעסלאַנג באַהערשן די מענטשן די געצנדינערייַ, די זנוס פון באָוול, דער קישעף פון מיצראַיִם... און ער האָט געזען פאַר זיך בלויז איין גרויסע געדיכטע פינצטערניש, די פינצטערניש פון מיצראַיִם, וואָס וויקלט איַין אויף דוירעסלאַנג די וועלט.

קימאַט אינגאַנצן באַרויִקט האָט ער זיך נאָך דעם, ווי אַלבינוס האָט פאַרלאָזן יעהודע. אים האָט זיך געדוכט, דער שאָלעם האָט אראָפּגענידערט אויף דער ערד, אין לאַנד איז אַ קליינע צייַט געווען שטיל און רויִק, דער הימל האָט זיך אָפּגערייניקט און שייַנט אַ ליכטיקער און לויטערער. נאָר אָט האָט דאָס וואָלקנדל איינגיכן זיך שוין ווידער אָנגעהויבן באַוויַיזן אויפן הימל. עפּעס איז ווידער ניט אינגאַנצן רויִק אין לאַנד, כאָטש אַזוי זעט אויס, אַז עס איז שטיל אין דעם. דאָך האָט ער דאָ און דאָרט פאָרט באַמערקט ווידער סימאָנים, דערוויַיל פאַרבאָרגענע, פון נייַע אומרוען.

טראָץ דער גרויסער גערעטעניש האָט דאָס פאָלק קימאַט אויפגעהערט צו צאָלן די קייזערלעכע צינזן און שטייַערן. דער נייַער פּראָקוראַטאָר האָט אים שוין עטלעכע מאָל געגעבן אָנצוהערן, אַז פון רוים קומען אַלץ אָפטער אָן פאָדערונגען צו שיקן געלט דעם קייסער, און זייַן געלט אויצער איז פוסט. יוינאָסאָן האָט באַמערקט, אַז פלאָרוס רעדט ווייניק פון די צינזן אָפּמאָנונגען, נאָר מאָנט סטאַם גרויסע סומעס און האָט אַ סאַך מאָל זיך אויסגעדריקט פאַר אים, אַז בא די יידן זייַנען פאַראַן אַ סאַך רייַכע לייַט, וואָס וואָלטן געקאָנט און געדאַרפט אַרויסווייַזן אַ ביסל מער טרייַשאַפט דעם קייסער און אים אַרויסהעלפן אין זייַנע גרויסע נויטן. יוינאָסאָן האָט פאַרשטאַנען, אַז פלאָרוס רעדט ווייניק פון די צינזן כויוועס ניט אויס ליבע צום אָרעמען יידישן פאָלק. האָט דאָס אים באַאומרויִקט און ער האָט זיך געמיט צו טרעפן, וווּהין צילט דעם קייסערס פאַרוואַלטער מיט זייַנע רייד.

יוינאָסאָנען איז אַרופגעקומען אויפן געדאַנק דאָס, וואָס דאָראַס האָט ניט לאַנג צוריק גערעדט מיט אים וועגן דעם אַראַבישן שייך עמיר, און ער איז געווען אויף דער וואַך. ער האָט, ווי זייַן שטייגער איז,

נאָכגעפרעגט באַם פּראָקוראַטאָרס אונטערגעקויפטער דינערשאַפט וועגן דעם, ווער קומט אַרײַן צו זייער האַר און וואָס עס ווערט גערעדט אין פּלאַרוסעס הויז. יוינאָסאָן האָט זיך דערוווּסט, אַז זאַקאַי דער מויכעס איז אָפט באַם פּראָקוראַטאָר אין הויף און ער האָט מוירע געהאַט, דער פּראָקוראַטאָר זאָל פּלוצעם ניט ענדערן זײַן טאַקטיק און זיך אַ נעם טאָן אופּצומאָנען די צינש כויוועס מיט דער גאַרער רוימישער שטרענגקײַט, דאָס צו פאַרהיטן, האָט ער צונויפגערופן זײַנע אייגענע גאַבאָיִם און די גרויסע מאַכסים פון יעהודע און גאַליל, ווי זאַקאַי פון יערוכוי און אַנדערע, אויסצוּייצענען זיך מיט זיי, וויאַזוי אופּצומאָנען די צינש כויוועס און די נײַע אָפּצאָלונגען און דערבײַ ניט אַרויסרופן קיין מעהומעס אין פאָלק. יוינאָסאָן האָט געזאָגט:

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס איז געוואָרן מיטן פאָלק. האַיאָר איז אַ געבענטשט יאָר, דער פּראָקוראַטאָר באַדריקט ניט דאָס פאָלק, און דאָך איז איצט פיל שווערער אײַנצומאָנען די קלענסטע כויוועס פאַרן קייסער, ווי אין פאַריקן זייער שווערן יאָר.

— וואָס איז דאָ פאַראַן ניט צו פאַרשטיין? — האָט זאַקאַי דער מויכעס, אַ קליין שטשופּלע בייז מענטשעלע, וואָס האָט געהאַט זייער אַ שלעכטן שעם באַם פאָלק, געזאָגט. — דו פאַרשטייסט ניט, וואָס איז געוואָרן מיטן פאָלק?.. דאָס פאָלק איז געוואָרן זאַט! — האָט ער בייז אַ טײַט געטאָן מיטן פינגער. — אָט וואָס מיט דעם איז געוואָרן. און עס איז דאָך אַ קלאַל — וואָס פעטער דאָס קעלבל איז, אַלץ מער בריקעוועט עס זיך. קיין מאָגער, הונגעריק בעהיימעלע בוצקעט זיך ניט. דאָס פאָלק ווייסט שוין ניט פאַר ווילטיק, וואָס צו טאָן, עסט און פרעסט דעם קייסערס כיילעק! אַ זאַטער מענטש האָט אין זיך אויך מער סטירדעס, מער גאַדלעס, ווי אַ הונגעריקער, וויל ניט בייגן דעם קאָפּ, וויל ניט טראָגן קיין יאָך אויף זיך, בונטעוועט. איך טײַנע טאָמיד, אַז ניט פון אָרעמקײַט ווערט דאָס פאָלק צעלאָזן, פאַרדאָרבן, נאָר פון זאַטקײַט. מע האָט האַיאָר צופיל צעבאַלעוועט דעם פּראָסטן אוילעם. קיינער וויל ניט אַרבעטן. מע טראָגט זיך אַרום מיט פאַרברעכערישע כאַלוימעס. זינט דער פּראָקוראַטאָר אַלבינוס איז אַוועק, איז אין לאַנד געוואָרן אַ העפקיירעס. עס גייען שוין ווידער אַרום אין פאָלק ווילדע רייד וועגן דעם כוימעץ בען כוימעץ, דעם עסיק, דער זון פון עסיק, וועגן דעם רעצייעך בען רעצייעך, דעם אַטאַמאַן פון די סיקאַריִער, פון די מעסערשטעכער מענאַכעם בען יעהודע האַגלילי. אַ צײַט האָט מען פון אים ניט געהערט, איז ווי אין וואַסער אַרײַן. באַ אַלבינוסן אין הויף האָט מען גערעדט, אַז מענאַכעם איז געהאַרגעט געוואָרן. די מעסערשטעכער האָבן אַליין דאָס ניט אָפּגעלייקנט. און פּלוציעם, דאַפקע אין דעם רויִקן זעטיקן יאָר, איז זײַן פאַרשאָלטענער נאָמען פּלוצעם אופגעשטאַנען טכיִאַס האַמייסים. מע דערציילט מײַסעס וועגן זײַן פּלוצעמדיקער אַנטפּלעקונג ערגעץ באַם ברעג פון יאַם קינערעט פאַר אַן איידע אָרעמעלײַט, מע דערציילט שוין פון אים ניסים וועניפלאָאָעס. און די מוטווויליקע פון פאָלק זײַנען שוין ווידער געוואָרן כוצפּעדיק. די טעג קום איך קיין קפאַר סאָווא. גיי אַרײַן צו לאָזערן דעם אַרענדאַר,

פרעג אים, ווען וועט ער אָפּצאָלן דעם קייסער די כיוועס? צעלאכט
ער זיך מיר אין פּאָנעם ארײַן, קוקט אף מיר מיט א מיִעס כיטרע
קוקעלע און זאָגט צו מיר:

— אײַל זיך ניט, זאקאי. וואָס האָסטו קיין צײַט ניט? אָט וועט
קומען צו דיר מענאכעם, וועט ער זיך מיט דיר צעצאָלן פאר מיר און
פארן גאנצן דאָרף.

וואָלט פאראיאָרן, אז אלבינוס איז געווען, געהאט אזא ניוועזניק די
האָזע צו ריידן מיטן קייסערס א דינער אזעלכע כוצפּעדיקע רייד? איך
האָב פײַנט אזעלכע ווערטלעך! — איז זאקאי געוואָרן רויט פאר
רעציכע. — איך וועל ניט ווארטן ביז מענאכעם וועט קומען צו מיר.
איך וועל גיין צום האר, צום קייסערס פּארוואלטער, וועל אים דאָס
אלץ דערציילן, אים בעטן, ער זאָל מיר געבן א קאָהאָרטע לעגיאָנאריער
און איך וועל בינדן דעם דאָזיקן לאָזערן ווי אן אָקס, איך וועל דאָס
גאנצע ווידערשפּעניקע קפאָר סאָוואָ מאכן כאָרעוו, וועל די ערד צונעמען
פארן קייסער, די מענטשן פארקויפן פאר קנעכט! איך וועל זיי אײַנבייגן
דעם הארטן נאקן און אים ווידער ארײַנשפּארן אינעם אײַזערנעם יאָך.
זיי וועלן בא מיר די ערד כאפּן, איך וועל זיי טרענען די אָדערן און
ביז א פּרוטע אופּמאָנען בא זיי אלע צינשן און שטײַערן כיוועס. מיטן
קייסער און מיט זײַנע טרײַע דינער שפּילט מען זיך ניט! איך וועל ניט
גיין לייגן מײַן קאָפּ צוליב די מוירדים אינעם מאלכעס!

די איבעריקע האָבן אונטערגעהאלטן זאקאין. דער אוילעם האָט
געפּילדערט, געשריגן, עמעצן געדראָט.

יוינאָסאָנען זײַנען די דאָזיקע אלע רייד און קוילעס געווען דערווידער.
כאָטש ער אליין איז אויך שטארק באומרויקט געווען פון די קלאנגען,
וואָס גייען ארום וועגן מענאכעמען. ער איז אפילע געווען זיכער, אז
דאָס איז א פאלשער מענאכעם, ער האָט אָבער מוירע געהאט פאר
דעם נאָמען אליין, וואָס האָט אין זיך א קראפט צוציִען פּוסטעפּאסניקעס
און מעסערשטעכער און קאָן אָנטאָן גרויסע אומגליקן אין לאנד. אים
האָט אָבער געשראָקן זאקאי אויך. ער האָט אים פײַנט געהאט, אָט דעם
רײַכן אמאָרעץ, אים פאראכטעט און גרינג געשעצט אים, געהאלטן אים
פאר א ליסטעם, פאר א גאזלען, און עס האָט אים ביכלאל שאָקירט
זײַנע רייד, ריין האלטן זיך צווישן מענטשן און וואָס ער, יוינאָסאָן, א
טאלמיד כאָכעם, מוז זיצן מיט אים, מיט דעם דאָזיקן גראָבן יונג, בא
איין טיש און אויסהערן זײַנע גראָבע בייזע רייד. יוינאָסאָן האָט מוירע
געהאט, אז דער דאָזיקער זאקאי זאָל מיט זײַנע שארפע מיטלען צו
נישט מאכן זײַן מי אײַנצוהאלטן דעם שאָלעם אין לאנד. אים האָט
געקאָסט א סאך מי און א סאך רייד אײַנצושטילן די צעהיצטע געמיטער
און פּועלן בא די מאָכסים, מע זאָל ניט גיין צום פּראָקוראטאָר, ניט
גיין מיט קיין סאָלדאטן אופּצומאָנען דעם שטײַער און נאָך צוּווארטן א
ביסל. ער, יוינאָסאָן, וועט שוין געפינען א בעסער, זיכער מיטל א קער
צו טאָן דאָס פאָלק צו צאָלן די שטײַערן און ניט ארויסרופן אומרוען
צווישן אים.

זאקאי האָט ניט געקענט גיין אָפן קעגן דעם פיל רײַכערן און

שטאַרקערן פון אים מויכעס און ער האָט געמוזט זיך אונטערגעבן. ער איז אָבער אוועק פון דער פאַרזאַמלונג מיט נאָך מער א פאַרביטערט האַרץ קעגן פּאָלק און מיט א סינע צו יוינאָסאָנען אויך. אין זײַנע פאַרלאָפענע מיט בלוט אויגן האָט יוינאָסאָן אליין אויסגעזען ווי א מוירעד בעמאַלכוס, וואָס עס וואָלט געדערכט געווען אים אָפּצוראַמען פונעם וועג.

יוינאָסאָנען האָט געראָטן טאַקע מיט זײַנע פרידלעכע מיטלען אײַנצומאָנען א ביסל שטײַערן צווישן דעם מער רויִקן טייל פויערים און באַלמעלאָכעס. אים איז אויך געלונגען אופּצומאָנען א גרויסן אָפּצאָל פון די שיפן, וואָס האָבן אָפּטער אָנגעהויבן אַרײַנצוקומען אין די האַפנס, און ער האָט אַרײַנגעטראָגן פּלאַרוסן א גרויסע סומע געלט, איז זיכער געווען, אַז ער האָט אים מיט דעם צופרידנגעשטעלט און אַלץ וועט זײַן גוט און שטיל, ווי פריִער. דער וואָלקן, וואָס האָט זיך געהאַט אָנגערוקט אַף אים, איז זיך צערונען. די איבעריקע וואָלקנדלעך זײַנען זיך אויך צעגאַנגען און ווידער איז דער הימל איבער יוינאָסאָנס קאָפּ ריין געוואָרן. ווי זײַן שטייגער איז געווען ניט צו דערלאָזן צום האַרצן קיין טרויער און ייִעש, איז ער איבערסנײַ אַרײַן אין גוטער לוינע, איז געוואָרן רויִק און זיכער אין גאָט, און ער האָט מיט פרייד גענומען זיך גרייטן צום טאָג פונעם גרויסן מאָלצײַט.

דער פּאַלאַץ האָט ג[illegible]שט מיט געסט, וואָס האָבן נאָך פון באַטאָג אָן אָנגעהויבן צו זאַמלען זיך אין אים. דער גאַנצער הויף און דער פּאַלאַץ זײַנען געווען פאַרגאָסן מיט א שטאַרקער ליכט פון די פיל לאָמפּן און מענוירעס, וואָס האָט געוואָרפן א העלן גלאַנץ אַף די געמאָלטע ווענט און אַף די קיילים. די קנויטן אין די לאָמפּן זײַנען געווען פון דער בעסטער וואָל און, אײַנגעטונקענע אין ריינעם ליכט בוימל (בוימל, וואָס יוינאָסאָן פלעג אים ליפערן דעם בייס האַמיקדעש), האָבן זיי געברענט מיט א ריינעם פלאַם און ניט גערויכערט. ספּעציִעלע דינער זײַנען אַרומגעגאַנגען אַרום די לאָמפּן און מענוירעס, האָבן צוגעגאָסן בוימל, אַראָפּגענומען מיט זילבערנע צוואַנגען די אָנגעברענטע שנויצן.

אַף די טישן אין עס זאַל זײַנען אויסגעשטעלט געווען פאַרשײדענערלײ טײַערע, קיילים: קרוגן, בעכערס, הויכע און שמאָלע אַלעקסאַנדריִער קויסעס, קליינע גלעזערנע קויסעס, שאָלן, שיסלען, פּאָרצעלײַענע און גלעזערנע, זילבערנע און גאָלדענע, די העסעבעטן מיט די פײַנע געשניצטע פיסלעך זײַנען באַדעקט געווען מיט גאָלדגעשפּינטע געוועבן. לעבן יעדן פון זיי איז אַפן טיש אָנגעצייכנט געווען דער נאָמען פונעם גאַסט, וואָס פאַר אים איז באַשטימט געוואָרן דאָס אָרט. דאָס אַלץ האָט געשימערירט, געפינקלט און געשפּריצט מיט אַלערלײ פאַרביקע שטראַלן, ווי די טײַערסטע שטיינער אַקעגן דער ליכט.

אַפן אַרײַנגאַנג איז אַראָפּגעלאָזט געווען א מאַפּע, א פּאָרהאַנג, מאָלעריש אויסגעשטריקט און אויסגעהעפט מיט געמעלן פון לולאָווים, עסרויגים, רויזן און ליליִעס, וואָס די פּאָרויכעס וועבער אינעם שטעטל

מיגדאל צעווײַן האָבן ספּעציִעל אויסגעוועבט פאַר יוינאָסאָנען. ווי דער שטייגער באַ די פֿאָרנעמע לײַט אין ירושאָלאַיִם, איז אויך דאָ די אראָפּגעלאָזטע מאַפּע געווען א סימען, אַז ווער עס איז אײַנגעלאַדן צו דער סימכע, קאָן אַרײַנגײַן.

אין די זאַלן, אין די קאָרידאָרן און איבער דער קאָלאָנאַדע זײַנען צעהאַנגען געווען גירליאַנדעס רויזן און פרישע האָדעס בלעטער, גריִנע לולאָווים און לאָרבער צווײַגן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט א מעכײַעדיק פײַנעם אראָמאַט.

אבע בען באַטיִעך און דאָראַס, וואָס יוינאָסאָן און אבע האָבן מיט א פּאָר טעג פריִער אים אַרײַנגענומען צו זיך פאַר א דריטן שוטעף, האָבן א ביסל פאַרשפּעטיקט (זיי זײַנען נאָרוואָס געקומען פון ירושאָלאַיִם, קוים באַוויזן זיך ארומצוּוואַשן פון וועג און זיך איבערצוטאָן). זיי זײַנען געווען פאַרקליידעט אין פּרעכטיקע ווײַסע מאַנטלען מיט א ברייטן פּורפּור רויטן באַלייג אַף די זוימען און מיט קליינע ציצעס באַ די עקן. אַפן קאָפּ האָבן זיי געטראָגן א ציפּאָ, א טונקעלע וואָלענע יאַרמעלקע, און איבער איר א פּיקאָלאָ — א ברייטן קאָפּ באַנד מיט א גאָלדענעם באַנײַ.

באַם אַרײַנגאַנג האָט זיי אופגענומען דער יאָמטעוודיק אויסגעפּוצטער הויז פאַרוואַלטער, דער אַלטער יאַנקעוו. דאָס איז געווען יוינאָסאָנס אַן איבערגעגעבענער באַפרײַטער קנעכט, וואָס האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזן זײַן באַלעבאָס און מיט א רינג אינעם דורכגעבויערטן אויער איז ער געבליבן באַ אים דינען אַף זײַן גאַנץ לעבן. אַף אים פלעג מען זאָגן, אַז ער איז פון די קנעכט, וואָס דינען זייער האַר ניט פאַרן געצאָלטס, נאָר אויס טרײַשאַפט און ליבע. און ווי א בין, וואָס וויפל זי זאָל ניט אײַנזאַמלען, זאַמלט זי אײַן נאָר פאַר איר האַר, אַזוי אויך ער, דער אַלטער יאַנקעוו, וואָס ער זאָל ניט אײַנשאַפן, שאַפט ער אײַן ניט פאַר זיך, נאָר פאַר זײַן באַלעבאָס...

— מיר האָבן ניט פאַרשפּעטיקט? — האָט דאָראַס א פרעג געטאָן דעם אַלטן יאַנקעוו.

דער הויז פאַרוואַלטער האָט מיט כשיוועס א פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער זײַן ווײַסער לאַנגער באָרד, האָט באַרימעריש און פרײַנטלעך געענטפערט:

— אָ ניין, מיינע האַרן, באַ מײַן האַר יוינאָסאָן אַף א סימכע ווערט די מאַפּע קיינמאָל ניט אופגעהויבן. ווער עס איז אײַנגעלאַדן, מעג ער ווי פאַרשפּעטיקן, וועלן פאַר אים די טירן ניט פאַרמאַכט ווערן. פּלאַץ און קיבעד וועט, דאַנקען גאָט, סטײַען באַ אונדז פאַר אַלעמען.

ער האָט זיי אַרײַנגעפירט אין פּרויזדער, איז דורכגעגאַן מיט זיי פאַרבײַ די שפּריץ רערן, עס זאָל אַף זיי א שפּריץ טאָן מיט ווױלשמעקנדיקע בסאָמים. דערנאָך האָט ער זיי צוגעפירט צום טאָוול מיט די נעמען פון די אײַנגעלאַדענע געסט, וואָס איז געהאַנגען אַף דער וואַנט, און האָט זיך העפלעך געווענדט צו די געסט:

— לייענט, מיינע האַרן, די נעמען פון די געסט: באַ מײַן האַר

יוינאָסאָן אַף א סימכע וועט קיין אומאָנשטענדיקער מענטש זיך ניט געפינען צווישן מעכובעדיקע לײַט בא איין טיש.

די געסט האָבן מיט צופרידנקײַט אדורכגעקוקט דאָס צעטל מיט די נעמען פון פיל באקאנטע געהויבענע כאָשעווע לײַט. דער אלטער יאנקעוו האָט מיט פאראד געעפנט פאר זיי די טירן אינעם ווײַסן זאל ארײַן. דאָ זײַנען די געסט באגעגנט געוואָרן פון יוינאָסאָנען אליין און פון זײַן יונגער באסיעכידע עדנע.

יוינאָסאָן איז געווען אָנגעטאָן אין רײַכע פאראַז קליידער אין א לאנגער, פון טײַערן לײַן, העמד און אַף איר, איינס אפן אנדערן, א פּאָר איצטאָלאָס פון זייער פײַנער ווײַסער וואָל אויס מיליט און אויסגעהעפטע מיט גאָלד און מיט ציצעס בא די ברעגן. אַף זײַן שווארץ גרויער ציפּאָ האָט ער געטראָגן א פיקאָלא א באנייטע מיט גאָלד. אין די שיך זײַנען ארײַנגעלייגט געווען שטארק שמעקנדיקע בסאָמים.

עדנע, זײַן טאָכטער, איז געווען אָנגעטאָן אין א ווײַס לאנג העמד פון איידעלן עגיפּטישן לײַן. דאָס העמד איז בא די זוימען און קאנטן געווען ארומגענייט מיט זילבערנע און גאָלדענע פעדעם. אַף דעם העמד האָט זי געטראָגן א שפּאָגל נײַ קלייד, אָן אונקאָלא, א קורצן קאפּטאָן פון זייער א טײַערן דורכזיכטיקן צײַג מיט לאנגע ארבל. די אונקאָלא איז ארומגעגארטלט געווען מיט א צילצול, א גארטל, א באפּוצטער מיט פערל, מיט גאָלד, מיט טײַערע שטיינער און מיט קינסטלעכע אויסגענייען. אפן קאָפּ, אַף די שיינע פארפלאָכטענע צעפּ, אײַנגעהילטע אין א דין גאָלדן נעצל, האָט זי געטראָגן א מיידלשע קלילאָ — א גילדענע דיאַדעמע, א באצירטע מיט פערל און טײַערע שטיינער און א צוגעבונדענע מיט פורפורנע און מיט בלויע זײַדענע בענדער צום קאָפּ. אַף די שמאָלע, שלאנקע פיס האָט זי געטראָגן שיך פון גוטן ווייכן לעדער אַף הויכע קנאפּלען. די שיך זײַנען פארשנורעוועט געווען מיט שיינע שנירלעך איבער דעם לעדער און צוגעבונדן צו די פיס און אָנגעפילט מיט זייער איידעלע און פײַנדופטנדיקע בסאָמים. דאָס אלץ האָט אַף איר געשטראלט און געפינקלט מיט פיל קאָלירן, אז עס האָט פארכאפּט דאָס אויג. פון אירע האָר, פון אירע קליידער, פון איר אינגאנצן האָט זיך געשפּרייט אן איידעלער רויזן אראָמאט, וואָס האָט געפרייט דאָס הארץ. די דאָזיקע קליידונג האָט זי געמאכט עטוואָס העכער, צוגעגעבן איר דינער, שלאנקער מיידלשער פיגור א באזונדערן רייץ און גראציעזקײַט. עדנע האָט זיך געפילט ניט פרײַ אין אירע קליידער, זי איז געווען ווי געבונדן אין אירע באוועגונגען וואָס האָט איר צוגעגעבן א באזונדערן רייץ. איבער איר גרינבלעך מאטעוון געזיכט איז געווען צעגאָסן א שעמעוודיקע פארלוירנקײַט און א באהאלטענע אומצופרידנקײַט.

דערזען עדנען אזא, האָט אבע בען באטיעך א צאפּל געטאָן, איז געוואָרן איבערראשט דערפרייט. זײַנע גרויסע אויסגעבײַלטע קעלבערישע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט גלוט הייסן פײַער און ער האָט מיט א ברייטן שווארצפלאמיקן בליק פון אנציקונג ארומגעכאפּט דעם מיידלס שפּילעוודיקע, נאָך עטוואָס קינדישע לענדן איבערבונד, איר שיינעם קאָפּ,

די שטײַפּע, הויך אונטערבונדענע מיטן גארטל בריסטעלעך, וואָס האָבן געצאַפּלט מיט יונגן ברויז אונטער דעם דורכזיכטיקן קלייד.
ער האָט זי געזען אזא צום ערשטן מאָל. זי איז דערשינען פאר אים אן אומגעריכט נײַע, געגאַרטע און ביז צום פארלירן דעם זינען געגלוסטע, מע דערזעט אינעם געדיכטן געבלעטער אף א פײַגנבוים צווישן נאָך גרינע פרוכטן, איינע שוין א רײַפנדיקע, נאָר ניט אינגאנצן קיין צײַטיקע, אָבער געשמאַקע פיירע, וואָס רייצט, וואָס ציט צו זיך מיט איר שטײַפער הויט, מיט איר פולער אָנגעגאָסענער זאַפטיקײַט, וועקט א לײַדנשאַפטלעכן אומגעצאַמטן גלוסט זי אראָפּצורײַסן און נאָך אזוי האַלטנדיק זי אין די הענט, אײַנצושלינגען זי.
ער האָט אף א קורצער ווײַלע זיך טיף אײַנגעגראָבן מיט זײַנע גרויסע אויגן אין איר, האָט זיך דערמאָנט אין צ׳פּוירען, זײַן ווײַב. האָט אומוויליק זי אוועקגעשטעלט לעבן דעם רייצנדיק מיידל — א קורצע, מעשונע פּירעקיקע און שרעקלעך גראָבע, מיט א פעטן גרויסן גוידער, וואָס באַמבלט זיך בא איר אזוי נימעסדיק, און אים האָט אָנגעכאַפּט אַן עקל, עס האָט אים א שטויס אָפּ געטאָן, ווי זי וואָלט געשטאַנען דאָ דערנעבן... ער האָט דערפילט, גלײַך א שלאַנג וואָלט אים א ביס געטאָן באַם הארצן, און אים איז א רעגעלע געוואָרן ווײ ביז צום שרײַען, און שרעקלעך פארדראָסיק איז אים געוואָרן, ווי ער וואָלט זיך דערזען דאָ מיט איר צווישן מענטשן, און ער וואָלט פילן א דערנידעריקונג און טיפע באַליידיקונג, און אף זײַן פּאָנעם האָט זיך אויסגעגאָסן א שמערצלעכע אנגסט און א גרויסע ביטערניש.
דאָס האָט געדויערט א קליינע ווײַלע. ער האָט זיך אָנגעטאָן א קויעך אָפּצוטרײַבן פון זיך דאָס נימעסדיקע געשטאַלט, איבערשטאַרקן זײַן צאַר און צאָרן, און ער האָט זיך אָפּגעקערעוועט צו יוינאָסאָנען, וואָס איז אים אנטקעגן געקומען.
יוינאָסאָן האָט מיט א ברייטן און פריילעכן קאַבאָלעס פּאָנעם באַגעגנט די צוויי שותפים. ער האָט מיט צופרידנקײַט באמערקט אף דאַראַסן זײַן יידישן טראַכט, און ער האָט אים אויסגעזען גאָר אן אנדערער, צו גוטן פארענדערטער, ער האָט ווידער ווי דעמלט, ווען זיי זײַנען געגאַנגען גאַנצפרי פונעם פראָקוראַטאָרס הויף, א קלער געטאָן: ״עפּשער איז ער מיט אן עמעס גאָר ניט אזא, ווי ביידע צינגער ריידן... אָט איז דאָך אפילע שוין צו באמערקן זײַן, יוינאָסאָנס, גוטע ווירקונג אף אים...״ און ער האָט א צופרידענער, מיט א נאַכעסדיקן שמייכל זיך געווענדט צו זײַן טאָכטער:
— עדנע, מײַן קינד, וואָס שטייסטו אזוי פארטראַכט? די ליבע געסט וועלן נאָך, כאָלילע, מיינען, אז דו ביסט זיי ניט גערן. נעם זשע א ביסעלע פריילעכער זיי אוף. שעם זיך ניט. פיר ארײַן דעם כאַווער און פרײַנט אבע בען באַטיאַכן אין טראַקלין ארײַן. זײַ אים דאָרט מעכאַבעד פונעם שענסטן און פונעם בעסטן, גיב אים פארזוכן פונעם נײַ געבראַכטן ווײַן. אבע, אונדזער פרײַנט, איז א מייוון אף א גוטן געטראַנק. און דו, מײַן פרײַנט דאַראַס, וואַרט דאָ צו א רעגע, איך וועל דיך באַקענען מיט יעהודען, אָט גייט ער אהער. דו ווייסט דאָך, איך האָב אים

צוגענומען צו זיך נאָך גאָר א קליין יִינגעלע, א יאָסעם פון פאָטער און מוטער און אים פארעכנט פאר אן אייגן קינד, ווי עדנען, מײַן טאָכטער. איז בעט איך דיך, איר ליבן און אכטן, טאקע ווי מײַנעם א זון און יורש.

צו זיי איז מיט פעסטע האסטיקע טריט צוגעגאנגען א ווײַס געקליידעט יונג באָכערל, ניט קיין הויכער, נאָר קרעפטיק געבויטער, מיט א ליכטיקן אָפענעם פּאָנעם און מיט בלוט ראָזע באקן, בארעמלט מיט א גאָלדיקן פוך, א נאָרוואָס אויסגעשאָטענעם, די ערשטע יונגע שפּראָצונג אף זיי, זײַנע געקרײַזלטע בלאָנדע האָר זײַנען צוגעדעקט געווען מיט א לײַכטן ווײַס שימערירנדיקן צודעק. דער יונגלינג האָט מיט דערעכערעץ זיך פארנייגט פאר די עלטערע, און דאָראָס האָט אים פרײַנטלעך באגריסט און געפרעגט, צי איז שוין אלץ צוגעגרייט ארויסצוטרעטן מיטן קאראוואן אין וועג.

יוינאָסאָן האָט זיי געלאָזט שמועסן אינצווייען, און אליין האָט ער אופגענומען נײַע געסט און נאָכגעקוקט עדנען, ווי זי גייט עפּעס מיט ניט זיכערע טריט פּאָרויס אבען, גייט מיט עטוואָס אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און אָן כיישעק.

און אזוי, נאָכקוקנדיק נאָך איר און אופנעמענדיק די געסט, האָט ער אומגעריכט, ווי נאָר ערשט איצט, זיך ארומגעקוקט און באמערקט, אז צווישן די אלע געסט זײַנען אף דער סימכע ניטאָ, ווי דאָס פלעגט זײַן פריִער, קיין אָרעמעלײַט און אז זײַן פּאלאץ איז ווירקלעך פארמאכט און אָפּגעשלאָסן פאר פרעמדע מענטשן, פאר דורכגייער און וועג וואנדערער, און עס קומט מיט אן עמעס אויס פונקט אזוי, ווי עדנע האָט אים פּאָרויסגעזאָגט. ער האָט זיך פארכידעשט, וויאזוי איז דאָס, גאָר אָן זײַן וויסן, פּאָרגעקומען. ער איז א ביסל פון דעם צעטראָגן און צערודערט געוואָרן, און אים איז איבערגעגאנגען א געדאנק, צי איז עדנע ניט איבער דעם הײַנט אזא ניט פריילעכע? און ער האָט זיך ווי פארשעמט פאר זיך אליין און פאר עדנען. אָבער זײַן שטאָלץ האָט אים ניט געלאָזט אָפּגעבן עדנען דאָס גערעכט און ער האָט אלץ געפונען א פארענטפערונג און געזאָגט צו זיך: ס׳איז דאָך ניט זײַן שולד! ער האָט דאָס אוואדע ניט געוואָלט. אויב עס איז אזוי געשען, זײַנען ווידער אין דעם שולדיק נאָר די מוירדים און רויבער, וואָס דאָס לאנד איז פול מיט זיי און וואָס לאָזן קיין אָרנטלעכן פארמעגלעכן מאן ניט צורו, לאָקערן אָפן יעדעס רײַך הויז צו באפאלן און צו בארויבן עס. נאָר זיי, נאָר אָט די אומרויִקע העפקער מענטשן, האָבן פארמאכט די טירן פון יעדן אָנשטענדיק הויז און אויך זײַן פּאלאץ פאר פרעמדע, פאר אומבאקאנטע, פאר דורכגייער און אָרעמע וואנדערער. מע קען דאָך ניט וויסן, ווער דער פרעמדער איז, צי א פרידלעכער מענטש, אָדער א גאזלען, א מעסערשטעכער.

און זײַן הארץ איז איבערסנײַ שטארק פארביטערט געוואָרן קעגן די דאָזיקע רעשאָים, וואָס צעשטערן זײַן פרייד, און פארדראָסיק איז אים געוואָרן און שווער, פילנדיק, אז עפּעס וואָס אומאָנגענומס האָט איבער זיי, איבער די דאָזיקע פּאָשיי יִשׂראָעל, זיך ארײַנגעגאנוועט אויך אין

זײַן הויז און, ווער ווייסט, עפשער אויך אין הארצן פון זײַן קינד, זי, כאַלילע, פארכאפט, צעטומלט און פארפלאָנטערט איר מויעך...

לאנג אָבער זיך אָפּגעבן מיט די דאָזיקע טרויעריקע געדאנקען האָט ער ניט געקענט. די געסט האָבן אין דער לעצטער שאָ אלץ מער אריינגעשטראָמט און אים אָפּגעצויגן פון די זײַטיקע ניט פריילעכע הירהורים. צולעצט זײַנען ארײַנגעקומען עטלעכע גאָר געהויבענע געסט: דער הירדאָסיקער פרינץ אווּשאָלעם, דעם קיניג אגריפאס דעם עלטערנס פלימעניק, דער בארימטער געלערנטער יוסטוס בען פיסטאָ פון טווּאריע, דעם קיניג אגריפאס דעם יינגערנס סעקרעטאר מיט זײַן פאָטער דעם גרייז גרויען פיסטאָן און נאָך אייניקע פאָרנעמע לײַט פון קייסאריע פיליפוס, פון טווּאריע און ציפוירן.

זיי דערזען, איז יוינאָסאָן שטארק דערפרייט געוואָרן, איז זיי אנטקעגן געגאנגען און זײַן הארץ האָט אומווילּיק געקוואָלן פון נאכעס און שטאָלץ צו זען אזעלכע געהויבענע געסט בא זיך אין שטוב. זײַנע טרויעריקע מאכשאָוועס זײַנען ביסלעכווײַז צערונען, ווי עס ווערן צעגאנגען פינצטערע וואָלקנס פון ווינט און ווידער צעשײַנט זיך דער הימל מיט זון און לויטערקײַט.

(פאָרזעצונג קומט)

# מוישע לעמסטער

## צום ווידערזען, מאָסקווע

צום ווידערזען, מאָסקווע.
ערשט ניט לאַנג בין איך אהער געפלויגן.
ווי מאָל דײַנע סעדער האָבן אָפּגעבליט.
און הײַנט אױף זייערע צווײַגן
כ'בין ווי א פרעמדער פויגל
און זינג שוין א געזעגן־ליד.

פּושקין דאָ צו מיר מיט מארקישן אינײינעם
קומען פלעג אין מײַן ניט גרויסער דירע.
דאָ מיט בערגעלסאָנען כ'פלעג זיך אָפּטמאָל אייצענען,
מיטן שאָטן פון מיכאָעלסן שפּאצירן.
מײַנע לערער
האָבן בלויז פון מיר געוואָלט, אָפּהיטן איך זאָל פּונקט ווי
אַן אויצער
דאָס וואָרט —
וואָס ס'האָט מיר אָנגעטרויט מײַן פאָלק.

צום ווידערזען, מאָסקווע.
אהיים, קיין מאָלדאָווע כ'פלי.
און כ'גלייב,
אז "מײַן מעכוטעטעסטע" —
די אָסטאַנקינער טעלעוויזיע־באַשניע
וועט מיך א רוף טאָן
אין א העלן אינדערפרי...

## א רויז אין א ליד

הײַנט אין מיר א רויז
האָט זיך פאַרטאָג צעבליט,
ווייל איך, זי זאָל בליען
אין מײַן נײַער ליד.

נאָר אין דער האַנט זי נעמען
עס איז — אוי ווײ — ניט גרינג:
מיט די שאַרפע שטעכלקעס
א שטאָך זי טוט מיך פלינק.

איר דינער שטאם צעברעכט זיך
און די צווײַגלעך אלע,
די צארטע בלומען־בלעטלעך
האלטן אין איין פאלן...

ווען כ׳האָב צום סאָף די רויז
ארויסבאקומען מיד,
האָט ניט געהאט שוין, וואָס
ס׳זאָל בליִען אין מײַן ליד.

## א ייִדישער רעגן

א זומערדיקן רעגן
כ׳האָב אין א טאָג געמאלעט.
איז ער אין גרינע פעלדער
מיטאמאָל פארפאלן.

אים בא אכצן יאָר
א כופע כ׳האָב געשטעלט,
ס׳האָבן געטאנצט דאָרט רעגנס
פון דער גאנצער וועלט.

אדורך איז דרײַצן זומערס,
פלוצעם אין די היצן
איז ער אָנגעלאָפן —
כ׳מאך אים א בארמיצווע.

ניט לאנג, מיט מיר די יונגע
האָבן זיך געזעגנט...
איצט אין א ווײַטן לאנד
גייען ייִדישע רעגנס.

## דער קרײַזנלויף פון א רעגן

עס גייט א רעגן.
רעגנדלעך־זוימען פאלן
אף דער דאָרשטיקער ערד.
דערנאָך די זון באזיגט זיי מיט שטראלן
און פון די רעגנדלעך־זוימען
דאמפן דינע
שוועבן און ציִען זיך אין הימל.

פון די דאמפן
צעבליִען זיך וואָלקנס־בלומען.
פון די הימל־בלומען
כמארעס־פײַרעס ווערן.
ווען די כמארעס־פײַרעס הייבן אָן צו פלאצן,
פון דעם פלאצן זייערן
דונערט און עס בליצט,
און עס גייט א רעגן...

## צי דארף גאָר גאָט

אויב מיר איז באשערט אין גאניידן צו זײַן,
בין איך זיכער, אז דאָרט,
ווו איך מײַן נאכעס וועל שעפּן,
יידישע רייד וועלן זיך הערן פון יעדער זײַט,
ווי אמאָל אין מײַן יידיש שטעטל.

די מאלאָכים א פריילעכס וועלן דרייען ארום כאָסן־קאלע,
יידישע לידער אומעטום וועלן מיך באגלייטן.
וויאזוי זשע אנדערש?
אָן דעם־אָט אלעמען
וואָלט געווען דען אין הימל פאר מיר א גאניידן?

איין געדאנק אָבער לאָזט מיך ניט אָפּ,
ער פארפּאָלגט מיך אפילע אין פריידן:
צי דארף גאָט
מיט יידיש זיך פארקלאפּן דעם קאָפּ?
ס'איז דאָך אים גרינגער
ניט צו דערלאָזן מיך אין גאניידן.

## שטייענדיק פאר די ביכער
## פון די דערמאָרדעטע שרײַבער

כאריק,
קולבאק,
קוויטקאָ,
האָפּשטיין,
מארקיש,
בערגעלסאָן...
אין א באזונדערער שאפע זייערע ביכער
שטייען אין צימער בא מיר אויבנאָן.
פאר דער־אָ ברייטער, הויכער שאפע,
פאר דער־אָ וואנט פון דינע ביכער און גראָבע
כ'שטיי אזוי, ווי איך וואָלט געשטאנען
פארן קויסל־מאאראָווי.

# די געשיכטע פון א וואנדער־שטאָק

(טריפטיך)

## 1. אין אָנהייב

מיט גאָט אין הארצן,
מיט א גרינעם וואנדער־שטאָק
מײַן אורפאָטער האָט זיך אָפּגעשטעלט
צווישן דער ערד,
וואָס איז געווען די ייִדן צוגעזאָגט
אין דער פרעמדער, איבעריקער וועלט.

הינטער אים רוינען
פונעם בייס־האמיקדעש האָבן זיך גערויכערט.
פאר אים
די וועלט אומרויִק איז געשלאָפן.
און ווי דער וועלטס כאלוימעס,
וואָלקנס בלוטיק־רויטע
האָבן געשוועבט צום מײַרעוו און צום צאָפן.

מײַן אורפאָטער האָט געבעטן הילף בא גאָט,
א זיפץ געטאָן
און געמאכט אין גאָלעס
דעם ערשטן
טראָט.

## 2. אין גאָלעס

וואנדער־שטאָק,
וואנדער־שטאָק,
וויפל צאָרעס אף דיר
האָבן זיך אָנגעשפארט,
וויפל רײַצנדיקע וועגן
פארנארט און אָפּגענארט?

וואנדער־שטאָק,
וואנדער־שטאָק,
וויפל טעג אף דיר
זענען אָנגעסילעט,
וויפל טרערן געשלײַפט האָבן דיך
אין טונקלע אָוונטן שטילע?

וואַנדער־שטאָק,
וואַנדער־שטאָק,
רעדן ווען זאָלסט קאָנען?
פאַר דער גאַנצער וועלט אויסגיסן
דײַן נעשאָמע.

### 3. וואָס זשע ווײַטער?

מײַן זיידע האָט זײַן וואַנדער־שטאָק
אַרײַנגעשטעקט אין דער ערד אין גאָרטן.
דער שטאָק האָט זיך אין אַ וועסנע־טאָג
צעשפּראָצט מיט יונגע וואָרצלען.

אַזאַ בוים אין אונדזער שטעטל
קיינמאָל האָט מען ניט געזען:
ווי טרערן, זײַנען געהאַנגען די בלעטער,
ווי פלעמלעך פון ליכט
זײַנען בלומען זעגען געווען.

אויף זײַן שטאַם בלויז עטלעכע צווײַגן:
פעסטע,
קורצע,
גראָבע,
פונקט ווי יענער וואַנדער־שטאָק,
פונעם ווײַטן אָוואַר...

## די גרײַס פון מײַן ליבע

כ׳דריק צונויף די פינגער פון מײַן האַנט
אין איין פויסט פעסט און האַרט.
זעט —
אָט איז די גרייס
פון מײַן פאַרליבט האַרץ.

צו מײַן ווײַטן שטערן כ׳דריק צונויף
זײַנע שטראַלן צאַרטע.
זעט —
וואָס פאַר אַ ליבע
פלאַקערט אין מײַן האַרץ.

## אין א ווינטערדיקן אָוונט

הײַנט איז אלץ מיר טײַער
און אלץ איז מיר ליב.
מיט כעסעד כ'טו הײַנט צו גאָט
מײַן הייסע טפילע.
בא א שנייעלע,
וואָס צעשמעלצט זיך אף מײַן ליפּ,
בעט איך הײַנט מעכילע.

## ווער

אין דעם שטעטל,
דעם־אָ שטיבל
איז אַמאָל געווען א קלײַזל.
אך, ווי לויכטן פלעג דאָס קלײַזל
אף יאָם־קיפּער,
פּורים,
פּייסעך...

איצט אָן יִדן איז דאָסאשטעטל
און דאָס שטיבל הויל און לער.
לויז אף יִדישע יאָמטויווים
גלײַך ווי עמעצער באלויכט עס —
ווער?

## די מענטשהײַט טומלט

א קליין קינד איז געשטאָרבן
אף דער פּלאנעטע ערד.
מיטאמאָל דאָס קינד
איז געוואָרן פון אלע לעבעדיקע עלטער.
די מענטשהייט אָבער
האָט גערוישט און געטומלט,
ווי א קינד
(עס פארשטייט ניט,
וואָס אף דער פּלאנעטע ערד
הײַנט איז פאָרגעקומען).

## די אקאציע

אירע וואָרצלען־שוואַרצאַרבעטער
ווייסן ניט פון קיין יאָמטעוו,
זיי האָרעווען אין דער ערד אָן אן איבעררײַס,
אבי זי זאָל קאָנען יעדער וועסנע אָנטאָן
א נײַ קלייד אַף זיך.
א שמעקנדיקס.
א ווײַס.

## וועסנע־טפילעס

שפעטער דיביימער
וועלן זיך מיט די פיירעס בארימען,
אָבער דערווײַל,
זיי האָבן אָנגעטאָן די טאַלייסים
און ס׳שוועבן אוף צו די הימלען
זייערע טפילעס:
זייערע וועסנע־רייכעס.

## זאָל זײַן מוזע

מאַמע,
כ׳האָב הײַנט ניט קיין צײַט מיט דיר צו שמועסן.
אַן אנדערס מאָל מיר וועלן נאָך ריידן.
כ׳וואַרט, ס׳זאָל קומען צו מיר מײַן מוזע;
זאָגט די מאַמע:
זאָל זײַן מוזע,
אבי א ייִדיש מיידל.

אלעקסאנדער ליזען

# די שווארצע רויז

ראָמאַן

## ערשטער טייל

### 1

דינע איז געשטאנען באם טײַך, אומגעדולדיק געקוקט אַף יענער זײַט. טרוכאנאָוו־אָסטראָוו איז געווען ווי אײַנגעהילט אין בלײַכן מילכארטיקן נעפל, האָט מען אים קימאט ניט געזען. דינע אָבער וואָלט געקאָנט מיט פארמאכטע אויגן טרעפן, וווּ עס איז דער פארק, וווּ — די פּאָטשעט, וווּ — דער שפּײַז־מאגאזין, און אויב איר ווילט — וווּ איז די אײַנגעאָרנדיקע צוגעפּלעטשטע שטוב, וווּ זי דינגט אַפּ א צימער בא דער באַלעבאָסטע.

אַלץ וואָלט געווען גוט. דינע האָט ליב באקומען דעם טרוכאנאָוו־אָסטראָוו. זומער איז ער גרין, ווינטער — ווײַס, ווען זע איז האַרבסט — אין אלערליי קאָלירן. איין צאָרע: שווער און לאנג און נודנע איז צו ווארטן אַפן ברעג ביז דער פּאראָם וועט זיך באוויײַזן אינמיטן דניעפּער און דער פּאראָמשטשיק מיט די היפּשע גראָווע וואָנצעס וועט אים ניט געײַלט פּארקערעווען צום ברעג.

ווינטער איז גרינגער. ווינטער איז א מעכײַע. דער טײַך איז פארפרוירן. אַף קאַפּאָרעס דעם פּאראָם — גייסט צופוס איבערן אײַז, כאָפּסט נאָך באַדערבײַ א גליטש, באַזונדערס ווען דו קערסט זיך אום פון דער שטאָט צוזאמען מיט אַרקעלען, האַלטסט דאָס קינד פארן הענטל, עס זאָל זיך, כאָלילע, ניט אויסגליטשן און פאלן. נו, און אויב עס וועט טאַקע פאלן איז וואָס? גאַרנישט, מע פאלט, צוזאמען אפילע מיט דער מאמען, און מע הייבט זיך אוף, און... מע לאכט. דאָס געלעכטער מישט זיך אויס מיטן קלוימערשט דראָענדיקן געוואָי פון דער זאוועררוכע, וואָס קיינער האָט פאר איר ניט מוירע, פארקערט, אַרקאשע שפּילט זיך מיט איר, ווי מיט עפּעס א ווײַסצעפּאטלטער באשעפעניש און וויל זי איבערוואָיען.

איצטער שטייט דינע אפֿן ברעג און קוקט ארויס אומגעדולדיק אפֿן פּאַראַם. צײַטנווײַז קערעוועט זי אויס דעם קאָפּ, קוקט, עפּשער וועט זיך באַווײַזן פּימע. דינע און פּימע ארבעטן ביידע אין קיִעוו. געוויינלעך סטאַרען זיי זיך אומקערן אהיים צוזאמען. אזוי איז עפּעס היימלעכער. ניט זעלטן אָבער טרעפֿט, אז אָט פֿאַרהאַלט ער זיך אין רעדאַקציע, אָט פֿאַרזאַמט זי זיך אין פּאָליקלינִיק, — קומען זיי אהיים יעדערער באַזונדער. און ווער עס קומט פֿריִער, דאַרף מען עפּעס צוגרייטן אף וועטשערע, אָנהאָדעווען ארקען און לייגן אים שלאָפֿן.

דניעפּער איז ווי א מעכיצע צווישן דעם טומלדיקן קיִעוו און שטילן טרוכאַנאָוו־אָסטראָוו. עמעס, די דאָזיקע מעכיצע נעמט אָפּ א סאַך צײַט אף אריבערפֿעלקען זיך אהין און אהער, אָבער וואָס דען האָבן זיי געקאָנט טאָן? ביידע האָבן זיי זיך געלערנט אין קיִעוו, ביידע זיך אײַנגעאָרדנט אין קיִעוו, פּימע אין א רעדאַקציע פֿון א יִדישער צײַטונג, און זי, דינע, אין א פּאָליקלינִיק, אָבער געפֿינען א דירע פּאַר א געזינד איז אומעגלעך. האָט גורניאַק, זייער א באַקאַנטער נאָך פֿון קאַלינאָווקע, געעצעט זיי זיך באַזעצן אף טרוכאַנאָוו־אָסטראָוו, ווּ ס׳איז א סאַך גרינגער אָפּזוכן א דירע, און טאַקע א סאַך וועלוועלער. קיריל גורניאַק האָט שוין א היפּשע צײַט געוווינט דאָ און ער האָט זיי געהאָלפֿן קריגן דעם דאָזיקן צימער, ווּ זיי וווינען אינדערײַען — זי, פּימע און זייער יִנגעלע — ארקע. ס׳איז א ביסעלע ענג, פֿאַרשטייט זיך, אָבער וואָס קאָן מען טאָן? מיט דער צײַט וועלן זיי עפּשער געפֿינען עפּעס בעסערס, מעגלעך אפילע אין קיִעוו. דערווײַל מוז מען זײַן האַסאָמייעך בעכעלקוי, ווי פּימע זאָגט, און ניט רייצן גאָט. פּימען האָט מען צוגעזאָגט אין דער רעדאַקציע, אז אין א פּאָר יאָר ארום וועט מען אים אומבאַדינגט אויסטיילן ערגעץ א צימער. נאָר אָט איז שוין דורך מערער ווי א פּאָר יאָר און ביז אהער — בלויז צוזאָגעכצן.

ביינע לעביינע, האָט דינע באַווויזן זיך פֿאַרליבן אין טרוכאַנאָוו־אָסטראָוו. א שטיל גרין אינדזל באַנאַנד מיט דער גראַגערנדיקער קרווינשטאָט. אכט־נײַן שאָ אָפּגעוועזן אין קאָכיקן קעסל, נאָך א שאָ־אָנדערהאַלבן ביז דו דערקלײַבסט זיך צום לײַבלעך־געוואָרענעם ברעג, און שוין פֿון די ערשטע טריט, נאָך דעם, וואָס ביסט אראָפּגעשטיגן פֿון דעם פּאַראַם, אָדער פֿון א שיפֿל, פּילסטו, אז ביסט געקומען אין עפּעס א נײַער גרינער אויסטערליש־זעליקער וועלט, גלײַך דו וואָלסט זי דורך א וווּנדערבאַרן בינאָקל מיט גרינבלעכע גלעזלעך, וואָס פֿאַרגרעסערן אַלץ, וואָס ארום דיר: דער הימל איז דאָ העכער און גרעסער ווי אין קיִעוו — עס פֿאַרשטעלן אים ניט־הויכע כוצפּעדיק־זעלבסטזיכערע מויערן. די לעוואָנע איז דאָ ליכטיקער און בוילעטער. אויך די שטערן זײַנען היפּשער און העלער. דאָ איז קיינמאָל נישט שטאָק־פֿינצטער. און אויב עס טרעפֿט אפילע יאָ, טאָ פֿאַרײַס דעם קאָפּ און שעפּ אָן ציטערדיקע שײַן פֿון די פֿינקלדיקע שטערן וועט דיר גלײַך ליכטיקער ווערן אין די אויגן.

מיטאמאָל דערפֿילט דינע, אז זי צווינגט זיך טראַכטן וועגן „פֿריילעכערע זאַכן”: עפּעס איז איר קאַלעמוטנע אפֿן הארצן. וואַרט, עפּשער איז

פּימע שוין אינדערהיים? אַניט, איז ווּ איז ער אַזוי שפּעט? עמעס, עס טרעפט, אַז ער פאַרהאַלט זיך אויף דער אַרבעט צומאָל אַפילע גאָר שפּעט. אָבער אין אַזעלכע פאַלן קלינגט ער איר אָן, האַגאַם ניט אַלעמאָל מיט דערפאָלג, ווײַל אין דעם קאַבינעט, ווּ זי נעמט אויף קראַנקע, איז קיין טעלעפאָן נישטאָ, און ניט אַלעמאָל רופט מען זי צום אַלגעמיינעם טעלעפאָן. דינע סטאַרעט זיך דערשטיקן די אומרויִקע קלערענישן, פאַרטרײַבן זיי אין א טעמפּן ווינקל, אָבער אַלעמאָל אַנטשטייען זיי ווידער און ווידעראַמאָל און, ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, צעוואַקסן זיי זיך אין דער ברייט און אין דער לענג ביז זיי פאַרפולן אינגאַנצן איר האַרץ, וואָס פאַרגייט זיך שוין, האַגאַם זי שטרענגט זיך אָן, קוקט געשפּאַנט אויפן הימל און ציילט די שטערן, וואָס פינטלען איר גאַנץ פרײַנטלעך. אָבער עס העלפט נישט. ווײַל אין דעם דאָזיקן יאָר איז דער שרעק און דער פּאַכעד געוואָרן גרויליקער, ווי אַפילע אין די צײַטן פון דעם בירגערקריג.

## 2

**ע**פּעס האָט דינען א שטויס געטאָן פונעם אָרט, און זי האָט שוין געהאַט באַשלאָסן א לויף טאָן צום טראַמוויי און צופאָרן צו פּימעס רעדאַקציע. אָבער אין דער־אָ רעגע האָט זיך באַוויזן אויף דעם טונקעלן וואַסערשפּיגל פונעם טײַך א שיפל. דריבנע כוואַליעלעך האָבן אַרומגעזוימט דאָס פלינקע שיפל, און דאָס האָט אויסגעזען ווי א פאַרפירטע שפּיל צווישן דעם טײַך און שיפל. קלוימערשט זייער א מוירעדיקע, מיט שוים אויף די כוואַליעס. אירע שאַרפזעעוודיקע אויגן האָבן זיך מאַמעש אײַנגעזויגן אין דער פינצטערניש, און זי האָט זיך שטאַרק דערפרייט, דערהערנדיק א באַקאַנטע שטים פונעם שיפל:

— דינאַ באַריסאָווונאַ!

יאָ, ס'איז טאַקע קיריל גורניאַק. דינע האָט דערקענט זײַן שטים.

ווען דאָס שיפל איז צוגעשטאַנען צום ברעג און פון דאָרטן איז אַרויס מיט א ווענסלע אין דער האַנט א וווּקסיקער מאַנצבל, האָט ער צום אַלעם ערשטן אַנידערגעוואָרפן די ווענסלע אויפן זאַמד, דערביוועט א טיכעלע פון דער קעשענע און געווומען זאָרגזאַם אָפּרייניקן זײַנע בלישטשענדיקע שטיוול מיט גאָר הויכע כאָליעוועס פון די שפּריצן פון וואַסער און זאַמד, און ערשט נאָכדעם באַגריסט זיך מיט דינען, וואָס האָט אים גלײַך פאַרוואָרפן מיט פראַגעס:

— עפּשער ווייסט איר, ווּ איז פּימע? פאַרוואָס האָט ער זיך ניט אומגעקערט פון דער אַרבעט אַזוי שפּעט? עפּשער האָט עפּעס געטראָפן?..

ניט אופהייבנדיק די אויגן פון די גלאַנציקע נעזער פון די טײַערע כראָמעווע שטיוול, האָט קיריל נאַכלעסיק אויסגערעדט:

— אייסעך וואָס... כ'מיין, אַז ס'איז ניט אַזוי...

דינע האָט זיך צעשריגן:

— וויפל איז דער שיר פוצן די שטיוול? דערציילט שוין גיכער — וואָס איז געשען?

גורניאַק האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ. א שמייכל געטאָן. דינען געפעלט ניט זײַן שמייכל, ווײַל עס אנטפּלעקן זיך דערבײַ צוויי אויגנציין, וואָס זענען אויס צופיל גרעסער און שאַרפער פון די איבעריקע. ער האָט מיט ביטל א מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— אייסעך וואָס!.. ס'איז גאָרניט נישט געשען. איך אַרבעט דאָך בישכיינעס מיט אים. בין איך נאָך דער אַרבעט אַרײַן צו אים, מיר זאָלן ביידע פאָרן אַהיים. האָט ער מיר געזאָגט, אַז די מיליציע רופט אים אַרויס אַף זיבן אַזייגער. האָט ער מיך געבעטן, אַז אויב ער וועט ניט קומען אַהיים ביז אַכט־האַלב נײַן אַזייגער, טאָ זאָל איך קומען צו אײַך, דינא באָריסאָוונא, און באַרויִקן אײַך. נאָר ווען איך בין געקומען צו אײַך אַהיים, האָב איך אײַך ניט געטראָפן. הייסט עס, אַז מיסטאָמע וואַרט איר נאָך אַף יענער זײַט ברעג. האָב איך אָפּגעבונדן דאָס שיפל און...

ער האָט גערעדט פּאַמעלעך, צעצויגן און דאָס האָט געגרעגט דינען. אָבער א מאָדנע זאַך? — זי האָט אים ניט אונטערגעיאָגט. עפּשער דערפאַר, וואָס זי האָט מוירע געהאַט דערהערן פון אים עפּעס, עפּעס... "מוירעדיקס"? — פרעגט זיך אַליין דינע און לאַכט זיך אויס מיט א קלאַנגלאָז געלעכטער. אוי, ווי גרויס איז דער פּאַכעד! פימע איז א זשורנאַליסט, פימע איז א שטיקל דיכטער, און כוץ זײַנע רעדאַקציאָנעלע און דיכטערישע איניאָנים ווייסט ער פון גאָרניט נישט. די איינציקע פאַרווײַלונג, וואָס ער דערלויבט זיך, ווען ער קומט אַהיים און עסט אָפּ דעם מיטיק צוזאַמען מיטן אָוונטברויט, איז א כאַפּ טאָן פון דער טעטאַזשערקע עפּעס א ביכל און פאַרלייענען מיט א טיפן געפיל האָפּשטיינס אָדער ביאַליקס לידער. אַרקעלע זיצט אַף זײַנע קני, הערט זיך צו מיט אַן אָפן מײַלכל צו די קלינגעוודיקע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. ער פּרוּווט כאַפּן א קוק אין דעם צעעפנט ביכעלע, וואָס דער טאַטע האַלט מיט צעשפרייטע פינגער פון דער רעכטער האַנט און מיט דער לינקער גלעט ער דעם קינדס קעפּל.

קיריל גורניאַק האָט א שלעפּ געטאָן דאָס שיפל נעענטער צו דעם ברעג, קעדיי דינען זאָל זײַן באַקוועמער אַרײַן אין דעם, און טייקעף אָפּגעשטופּט דאָס פונעם ברעג מיט דער הילף פון דער ווערסלע. שאַרף 160פּגעשטופּט, אַזוי שאַרף, אַז דינע האָט זיך א וואַקל געטאָן. האַלב אַרומנעמענדיק די פרוי, האָט קיריל אוועקגעזעצט זי אַף דער קאָרמע, און ווען די נאָז פונעם שיפל האָט זיך א טוק געטאָן אין דער טונקלער וואַסער, האָט דינע גלײַך געפרעגט דאָס, וואָס איז די גאַנצע צײַט געלעגן איר אַף דער צונג, נאָר וואָס זי האָט עפּעס מוירע געהאַט צו פרעגן. און די מוירע איז געווען ניט פאַר דער פראַגע, נאָר פאַרן ענטפער, וואָס וועט פאָלגן:

— וואָס פלוצעם האָט די מיליציע אַרויסגערופן פימען?

קיריל האָט א צוק געטאָן מיט די אַקסל:

— כ׳ווייס?.. עפשער צו פארפינקטלעכן, אזוי צו זאָגן, איינִיקע דעטאלן אין זײַן אנקעטע...
— איז וויפל צײַט דארף מען פאטערן אף אזא פארפינקטלעכעניש?..
קיריל האָט שווײַגנדיק געוועסלעט. זײַן שווײַגעניש איז דינען ניט געפעלן. גורניאַק איז געוויינלעך א באריידעוודיקער. איבערהויפּט, ווען ער בלײַבט איינס אף איינס מיט איר.
— וואָס שווײַגט איר?
— א קלוג ייִנגעלע, ארקאשא. איך פרעג אים: "די מאמע דײַנע איז שוין געקומען פון דער ארבעט?" ענטפערט ער: "ווען די מאמע וואָלט געקומען, וואָלט זי געווען דאָ".
דינע, נאָכאמאָל:
— וואָס שווײַגט איר?
ענטפערט ער מיט א שמייכל, און דינע קערט אָפּ דעם קאָפּ, קעדיי ניט צו דערזען זײַנע אויסשטארצנדיקע אויגנצײַן.
— איך שווײַג דען? אָט רעד איך דאָך. און ביכלאל רופט מען ארויס די לעצטע צײַט ניט נאָר יעפּים סאמוילאָוויטשן.
— און אײַך אויך?
— ניין. מיך דערווײַל נישט.
דער פארשלאָפענער טײַך ווערט צוריק גלאט און שפּיגלדיק. אין זײַנע טונקעלע טיפענישן באָדן זיך שטערן. דינען איז קאלטמוטנע אפן הארצן, האגאם קיריל איז גערעכט — ס׳האָט דאָך בעטמעס גאָרניט נישט געטראָפן. אויך מיר א געשעעניש — ארויסגערופן אין מיליציע!
זי פרעגט גורניאַקן, וואָס שווײַגט ער עפּעס הײַנט צופיל. געוויינלעך פארשיט ער זי מיט לאקריץ־זיסע קאָמפּלימענטן, ווי נאָר זיי בלײַבן אליין:
— וואָס טוט ארקעלע? ער האָט ניט געוויינט?
— וויינען האָט ער ניט געוויינט, בלויז געפכינקעט א קאפּ. אָבער ווען כ׳האָב אים געזאָגט, אז אָט פאָר איך באלד און כ׳וועל ברענגען די מאמע אהיים, האָט זיך זײַן פּענעמל צעשײַנט. ער האָט אײַך זייער ליב.
— ס׳איז אים פּאַשעט נודנע זײַן א גאנצן טאָג אליין.
— ווער זשע גיט אים עסן?
— קלאַוודיע סידאָראָוונע, די באלעבאָסטע. כ׳האָב זי זייער געבעטן. א ווילע פרוי.
— און וואָס האָב איך אײַך געזאָגט? כ׳האָב דאָך טאקע דאָס געהאט אין זינען, ווען כ׳האָב רעקאָמענדירט אײַך די דאָזיקע דירע.
— אדאנק. איך מיין, אז פאר קלאַוודיע סידאָראָוונען איז דאָס ניט קיין באזונדערע טירכע, בלויז א פארווײַלונג. זי איז דאָך אויך אליין א גאנצן טאָג. זי האָט דאָך בלויז איין דערוואקסענעם זון, איז ער אויך אף דער ארבעט.
באם סאמע ברעג האָט גורניאַק פאנאנדערגעיאָגט דאָס שיפל און עס האָט זיך לײַכט ארויסגעקײַקלט אפן זאמדיקן פּליאזש. קיריל האָט גענומען דינען אונטער דער האנט.

— כ׳וועל אײַך באַגלייטן אַהיים.

אף דער ערד איז געווען פינצטערער ווי אפן וואַסער. באַזונדערס צווישן די שמאָלע געסלעך, אַנגעפּילטע ביזן ראַנד מיט כאַשכעס און שאָטנס. קיין עלעקטרע־ליכט איז ניט געווען און די שײַן פון די שטערן איז געווען צו ווײַט פון דעם קליינטשקן אינדזל.

— ווען שווימט אָפּ דער לעצטער פּאַראָם? — האָט דינע אָפּגעריסן די אויגן פונעם הימל.

— שפּעט. כ׳מיין ער קורסירט ביז צוועלף. — האָט קיריל דערמוטיקנדיק געענטפערט און גלײַך צוגעגעבן: — הריזעט זיך ניט. יעפים סאַמוילאָוויטש וועט האָבן, מיט וואָס צו קומען אַהיים.

ניט דערגייענדיק צו דער שטוב, האָט דינע אויסגעשטרעקט איר האַנט צו גורניאַקן:

— א גוטע נאַכט. און א דאַנק אײַך פאַרן שיפל.

— גיט מיר צו וויסן, ווען פימע וועט קומען, — האָט גורניאַק געזאָגט, פאַרהאַלטנדיק דינעס האַנט אין זײַנער. — און אויב איר וועט זיך נייטיקן אין מײַן הילף...

— איר זײַט א ווילער מענטש, קיריל יעוודאָקימאָוויטש, — האָט דינע קוים אויסגערעדט מיט אן אויסגעלאָשענער שטים, באַפרײַענדיק איר האַנט.

און די אויסגעלאָשנקײַט איז אַנטשטאַנען פון קירילס ווערטער: „אויב איר וועט זיך נייטיקן אין מײַן הילף“. „עפּעס ווייסט ער, אָבער ער וויל מיר ניט זאָגן“, — האָט דינע א קלער געטאָן.

אופהייבנדיק זיך מיט א פאַרטײַעטן אָטעם אף די שפּיץ פינגער אפן גאַנעק, האָט דינע זיך צוגעהערט צו דער קלאַפּעניש פון איר האַרץ. שאַ. שטיל. אפן גאַנעק איז ווי געוויינלעך שוין געשלאָפן אף אן אײַזערן בעטל די באַלעבאָסטע. אן אײַנגעוויקלטע אין זיבן פּעלצן און אן אײַנגעטיכלטע אין זיבן טיכלעך, האָט זי אויסגעזען ווי א הליבע. און ווען דאָס בעטל וואָלט ניט געווען פון אײַזן, וואָלט דאָס געוויס ניט אויסגעהאַלטן אזא לאַסט. קלאַודיע סידאָראָוונעס מאַנקאָליע איז געווען — פרישע לופט! דאָס איז אן עמעסע זיכערע באַוואָרעניש קעגן אלע כאַלאַסן. פלעגט זי שלאָפן זומער און ווינטער אפן גאַנעק, אײַנאָטעמענדיק אין איר נידעריקן, מעגושעמדיקן קערפּער וואָס מער פרישע לופט. אָבער מוירע האָבנדיק זיך צוקילן, פלעגט זי זיך אָנקליידן אזוי גרינטלעך, אז פון דעם הויפן האַלבאָשעס פלעגן אַרויסקוקן בלויז צוויי שאַרפע אייגעלעך און א קליין קורנאָסע נעדל.

דינע האָט בייגעוודיק, קעדיי ניט פאַרטשעפּען דאָס בעטל, זיך דורכגעשמוגלט דורך דעם קליינעם גאַנעק און גלײַך דערהערט פונעם פינצטערן צימער א וויינענדיק קעלכל:

— מאַמעניו, דאָס ביסטו?

— איך, איך, — האָט אײַלנדיק שטילערהייט זיך אָפּגערופן דינע. — פאַרוואָס שלאָפסטו ניט, קינד מײַנס?

— כ׳האָב מוירע.

דינע האָט א צי געטאָן דעם פאָרהאַנג איבערן פענצטער און

אײַנגעשלאָסן די שײַן. זי איז צוגעלאָפּן צום בעטל, אָנגעבויגן זיך איבער דעם צוקאָפּנס.

— נו און איצטער האָסטו אויך מוירע?

ארקעלע האָט א דריי געטאָן מיטן קעפּל איבער דעם קישעלע. די אויגן זענען נאָך נאס געווען פון טרערן, אָבער א שמייכעלע האָט שוין באַשײַנט זײַן פּנימל.

— ניין. איצטער האָב איך שוין ניט מוירע. איצטער ביסטו, מאמעניו, מיט מיר.

אין דער פּײַכטקײַט פון ארקעס בלישטשענדיקע שווארצאפּלען האָבן געשפּיגלט און געשפּילט זיך די שטראלן פון עלעקטרע־שײַן. ער האָט א רײַב געטאָן די אויגן.

— ווילסט שלאָפן? שלאָף.

ארקע אָבער האָט אופגעעפנט די אויגן.

— און ווּ איז דער טאטע?

— דער טאטע פארהאלט זיך אף דער ארבעט, — האָט אפגיך אויסגערעדט דינע און אויסגעשלאָסן די שײַן.

געוויינלעך עסן זיי, דינע און פימע, אײַנצײַטיק מיטיק און אָוונטברויט, ווען זיי קערן זיך אום פון דער ארבעט אהיים. אצינד אָבער האָט דינע פארגעסן, אז מע דארף עפּעס נעמען אין מויל אריין. זי זיצט לעבן פענצטער, הייבט אונטער אלעמאָל דעם עק פון דעם פאָרהענגל און קוקט אין דער נאכט, וואָס האָט צעוואָרפן אירע שווארצע פאַטלעס אף די הײַזער און ביימער. ערשט איצט דערמאָנט זי זיך און ווערט בארויגעז אף זיך — אויך מיר א מאמע! געלייגט דאָס קינד שלאָפן און ניט געפרעגט אפילע, עפּשער איז דאָס נעבעך הונגעריק. אז דער קאָפּ איז בא איר אזוי פארדולט!

איצטער נעמט זי זיך שפּארן מיט זיך. וואָסי? וואָס איז געשען? ס'איז דאָך, דאנקען גאָט, נאָך גאָרנישט ניט געשען. און זי הריזעט זיך אזוי! הײַנט וואָס זשע וועט זײַן, אויב סע וועט, כאָלילע, טאקע עפּעס געשען? דאפקע דעמלט מוז א מענטש זײַן שטארקער פון אײַזן, און זי, דינע, האָט שוין פארלאָרן דעם מוט... "הער זשע אויס, דינעלע, — רעדט זי זיך אײַן מיטן נוסעך פון איר טאטן, ווען זי האָט נאָך געוווינט צוזאמען מיט דער מישפּאָכע אין קאלינאָווקע, — דער פּאכעד ליגט בא אונדז אין די געדערעם. א קלייניקײַט! וויפל רעדיפעס, פארהעצונגען און פּאָגראָמען, גרויסע און קליינע האָט דאָס פאָלק איבערגעלעבט, איז גראָד דערפאר דארף מען אים, דעם שוידערלעכן פּאכעד, ארויסשלײַדערן פון אונדזערע הערצער און מאכן דאָרט אן אָרט פאר מוט און אפילע פאר גווּרע, אנדערש..."

"וואָס אנדערש, טאטע?"

"כ'מיין, אז דו ווייסט אליין".

"וויסן איז ווינציק. מע דארף..."

"ריכטיק. כ'וויס, וואָס דו ווילסט זאָגן. ביסט גערעכט".

אָט אזוי שמועסט דינע מיט האלבע ווערטער מיטן טאטן. מיטאמאָל קומט איר אפּן זינען, אז אָט קומט שוין אהיים פימע. ער וועט דערזען

נאָך פונדערווײַטנס, אַז אין שטוב איז פינצטער וועט ער זיך בעפּיירעש באַליידיקן — געלייגט זיך שלאָפֿן, ניט געוואַרט אַף אים...

דינע האָט צוריק אײַנגעשלאָסן די שײַן. זי האָט זיך אומגעקוקט אַף אַרקען.

דאָס קינד שלאָפֿט. די בלייכקײַט פון זײַן ריין פּענעמל איז קימאַט פאַרשווּנדן, דאָס צעוואַרעמט בלוט האָט געמאַכט די בעקלעך ראָזעווע, נאָר די ברעמען זײַנען נאָך אָנגעכמורעט — אים האָט זיך, ווײַזט אויס, עפּעס געכאָלעמט, עפּעס ניט איבעריק אָנגענעמס.

דינע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, די אויגן האָבן זיך ניט־ווילנדיק פאַרזשמורעט, אין אַ מאָדנעם צושטאַנד האָט זי זיך אַרויסגעוויזן. אַ דרעמל? ניין. זי באַנעמט דאָך דײַטלעך: זי שלאָפֿט ניט, זי וואַרט אַף פּימען און הערט זיך צו מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, עפּשער וועלן דורכשאָרכען פּימעס פּאַרזיכטיקע טריט אַף די טרעפּ פונעם גאַנעקל (ניט אויפוועקן, כאָלילע, ניט די באַלעבאָסטע, ניט דאָס קינד). עפּעס האָט זי טאַקע באַלד דערהערט. אָבער ניט קיין פּאַרטויבטע קלאַנגען פון באַהיטע טריט, נאָר אַ היימלעכן גרילץ פון אַ גריל. דינע האָט זיך צעשמייכלט מיט פאַרמאַכטע אויגן...

ווען זיי האָבן זיך איבערגעקליבן אין דעם דאָזיקן צימער, האָט זי דעם ערשטן אָוונט פלוצעם דערהערט אָט אַזא גרילצעניש, איז פּימע געבליבן שטיין אַפן אָרט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, אויפגעהערט צו מאַכן אַ סיידער מיט די אָנגעוואַלגערטע זאַכן. פלוצעם האָט זײַן פּאָנעם אויפגעלויכטן. ער האָט געכאַפּט עפּעס אַ קליין ביכל פון דער טאַזשערקע, אַ מיש געטאָן דאָס, און שטייענדיק אַזוי צווישן דער צעמישעניש פון די נאָך ניט אײַנגאַנצן צעפּאַקעוועטע טשעמאָדאַנעס, רענצלעך און קוישלעך, גענומען פײַערלעך דעקלאַמירן, און אַרקע און אַליין דינע האָבן געקוקט אַף אים מיט אָפענע מײַלער, ווײַל זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט פון דעם, וואָס ער האָט פּאָרגעלייענט מיט אַזא היסלײַוועס.

> התדע מאין נחלתי את שירי? —
> בבית אבי השתקע משורר אריריי
> צנוע, מסתתר, הנחבא אל כלים,
> מתלונן בנקיקים, שכן סדקים אפלים.
> וידע המשורר רק פזמון קבוע,
> שיר — תמיד יחידי ובנוסך ידוע.
> ומידי נאלם לבבי, ולשוני
> ממכאוב נעכר אל חכי דבקה,
> ובכי עצור מעוך התאפק בגרוני —
> ובא הוא בשירו על נפשי הריקה, —
> זה היה הצרצר משורר הדלות...

פּימע האָט דעמלט זיך אַליין איבערגעשלאָגן.

— וואָס קוקט איר אַף מיר, ווי אַ האָן אַף בניי־אָדעם? ס'איז דאָך ביאַליקן!

— מיר פאַרשטייען אָבער ניט, וואָס דו לייענסט, — לאַכט דינע.

— עפּשער וואָלסטו פאַרשפּאָרט צו באַרימען זיך, אַז דו פאַרשטייסט ניט העברעיִש?

— איך באַרים זיך דען? אויב דו ביסט אַזאַ געטרײַער מאַן, וואָלסטו מיך עפּשער אויסגעלערנט?

— אומבאַדינגט. און דיך אויך, אַרקעלע. האַ? וואָס זאָגסטו?

— יאָ, טאַטעניו, — האָט אַרקעלע אַ שאָקל געטאָן מיטן קעפּל.

לויט דעם שײַנענדיקן פּאָנעם פון איר מאַן האָט דינע באַשלאָסן, אַז פּימע האָט אַ גרויסע האנאָע פון דער ליד. טוט זי אים צוליב:

— דערווײַל וואָלסטו עפּשער פאַרטײַטשט אונדז אויף ייִדיש?

— גערן. אָבער אויף איין פוס וועט זיך ניט באַקומען אַזוי ווי בּאַ כאַיִם־נאַכמען ביאַליק...

צי ווייסטו פונוואַנען מײַן ליד כ׳האָב געיאַרשנט? —
ס׳האָט אין שטוב פון מײַן טאַטן באַזעצט זיך אַ זינגער,
אַן איינזאַמער זינגער, אַן אָנעוו, צווישן שפּאַרונעס באַהאַלט זיך,
אין פינצטערע שפּאַלטן.

איין לידל בלויז קאָן ער, אַ שטענדיקן פּיזמען,
וואָס טאָמיד ער זינגט אים מיט נוסעך באַשטימטן.
פאַרשטומט, ווען עס ווערט מײַן האַרץ און די צונג
אויס ווייטיק צום גומען זיך קלעפּט,
און שטיקט זיך אין קעל דער פאַרקלעמטער געוויין —
דאַן קומט ער, דער גריל, מיט זײַן ליד
אין מײַן פּוסטער נעשאָמע,
דער גריל, דער מעשוירער פון דאַלעס...

„ניין, איך שלאָף ניט, — פאַרענטפערט זיך דינע און דער קאָפּ לאָזט זיך אַראָפּ נאָך נידעריקער. — איך וואַרט אויף דיר, פּימעלע... קום! איך האָב דיר ליב...“

זי מיינט, אַז זי קוקט נאָך אַלץ אין פענצטער, אין דער פינצטערער נאַכט מיט די שוואַרצע צעפּאַטלטע האָר.

פּלוצעם טוט איר אַ טיאָכקע אין האַרצן. זי דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק. דער פּאַכעד צעוואַקסט זיך און צעשפּאַרט דאָס האַרץ און דעם מויעך. אַ שוואַרצע גיפטיקע כמאַרע רוקט זיך אָן אויף איר און זי איז אָנמעכטיק קעגן איר.

— געוואַלד! — כאַפּט זי זיך אויף פונעם בענקל. — איך בין דאָך עפּעס אַ דאָקטער! דינע באַריסאָוונע גיטיס! איך הייל דאָך מענטשן! און זיך אַליין קאָן איך ניט היילן, קאָן איך ניט העלפן. איך בין ניט אימשטאַנד אַפּילע אַ קלער טאָן באַדאַכט און איך רוף אַליין אַרויס אַן אומגליק אויף מײַן קאָפּ. צי איז דאָס דען אַזאַ גרויסער כידעש, וואָס פּימע האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דער אַרבעט? צו אָפט טרעפט דאָס הײַנטיקע צײַטן. דער אומגליק איז, וואָס זי זיצט איצט ווי אָפּגעשניטן אויף אַן אינדזל און קאָן ניט צופאָרן טאַקע טייקעף צו פּימען אויף דער אַרבעט און דערוויסן זיך וואָס און ווען.

ניין, ניט אין דעם באַשטייט דער אומגליק, — דערווידערט זיך

דינע. — איך האָב ליב מײַן אינדזל. דער אומגליק באשטייט אין דעם, וואָס אויך צו אָפט טרעפט הײַנטיקע צײַטן, אז א מענטש גייט אוועק אינדערפרי אף דער ארבעט און אפדערנאכט קערט ער זיך ניט אום אהיים...

מיטאמאָל צעקלאפט זיך דינעס הארץ אזוי אימפעטיק, אז דאָס קלאפעניש פארטויבט די שטילע פאַרזיכטיקע טריט אפן גאנעקל. פימע! זי לויפט אים אנטקעגן, פאלט צו מיטן קאָפּ צו זײַן פלייצע און טרערן באנעצן דעם מאנטל, וואָס פימע האָט נאָך ניט באוויזן אויסצוטאָן. ער גלעט איר קאָפּ און זאָגט איר מיט א בלייכן שמייכל:

— וואָס זשע וויינסטו, דינעלע? אָט בין איך דאָך דאָ!...

— פאַרוואָס עפּעס אזוי שפּעט? — פרעגט דינע און פרוווט אויך א שמייכל טאָן, נאָר עס באקומט זיך ניט — טרערן קאפּען נאָך פון די אויגן און לעשן אויס די שײַן פונעם שמייכל.

שרײַט אויס פימע עפּעס צו מונטער:

— איך בין הונגעריק.

דינע פארבײַסט די ליפּן.

— ש־שא... וועסט אופוועקן דאָס קינד.

פימע דריקט צו דינען צו זײַן ברוסט און רעדט אויס שטילערהייט:

— ביסט גערעכט, טײַערינקע. אָבער דאָס שרײַט ארויס פון מיר די פרייד, וואָס איך בין ווידער מיט אײַך אינדערהיים.

— וואָס הייסט ווידער? — ווערט נאָכאמאָל איבערגעשראָקן דינע. — האָסט שוין געמיינט, אז וועסט נישט קומען אהיים?

— טאַ־טע... — דערהערט זיך ארקעלעס קעלכל. — ביסט שוין געקומען?

— יאָ־יאָ, געקומען, קינד מײַנס, — בייגט זיך אָן פימע איבערן בעטל.

ארקע קוקט אפן טאטן מיט ברייט צעעפנט אויגן.

— פארמאך די אייגעלעך. שלאָף.

ער בייגט זיך אָן נידעריקער און שושקעט דעם קינד:

אײַ־ליו־ליו־ליולינקע,<br>
שלאָף זשע, מײַן זאַזולינקע,<br>
אין א וואלד א גרינעם,<br>
ווינט דער ווילדער בינעם,<br>
אין א וואלד א בוקענעם,<br>
אף א דאך א טרוקענעם,<br>
אָפּגעשיט מיט בלעטער,<br>
אלע קינדער זעט ער...[1]

ארקע איז אנשלאָפן געוואָרן. דינע האָט פאר דער דאָזיקער צײַט שוין באוויזן אָנווארעמען און ברענגען צוויי טעלער זופּ.

— איצט דערצייל, — האָט דינע געזאָגט.

פימע האָט אָנגעשעפּט א פולן לעפל זופּ. די האנט האָט בא אים א ציטער געטאָן. די גרויע, אפגיך אָנגעוואַרעמטע פּיסנע פליסיקײַט

[1] איציק פעפער. "פון מײַן באָבעס וויגלידער"

האָט זיך א גאָס געטאָן צוריק אין טעלער. און ער האָט זיך גענומען דערציילן מיט עפּעס א געמאכטן, אפילע א קאָפּ ווי צלדיקן נוסעך.

— הייסט עס, אזוי... אָט ענדיקט זיך שוין דער ארבעטסטאָג. אין מײַנע געדאנקען לויף איך שוין צום פּאַראָס, דערהערט זיך פּלוצעם א טעלעפאָן־קלונג. כאַפּ איך דאָס טרײַבל און כ׳דערהער עפּעס א פרעמדע שטים: ״בירגער גיטיס? קומט אַרײַן אין דער מיליציע־אָפּטיילונג״. דאָס האַרץ ווערט בא מיר פאַרכאַלעשט, נאָר כ׳מאַך זיך טאַמעוואַטע: ״ווּהין? אין מיליציע? וואָס פּלוצעם?״ ענטפערט די שטים באַרויגעזלעך: ״קומט באַלד, וועט איר שוין וויסן וואָס פּלוצעם...״

— עס, פּימעלע, כ׳וועל צוואַרטן. דו ביסט דאָך הונגעריק, — שלאָגט אים איבער דינע און א געפּיל פון ראַכמאָנעס פאַרפרעסט איר האַרץ.

ווידער א בלײַכער שמייכל און ווידער א זאָגעכץ ווי פון יענער־וועלט:

— מא אָנו אומא כאיענו...[1] — און גלײַך צוגעגעבן: — איך בין שוין זאַט מיט דעם, וואָס די שיסל שטייט פאַר מײַנע אויגן...

ער האָט אָנגעשעפּט א פולן לעפל זופּ. א טרער האָט זיך אַראָפּגעקײַקלט און געטראָפן אין לעפל. דינעס פּאָנעם האָט זיך פאַרקרימט. פּימע האָט אײַליק אײַנגעשלונגען דעם לעפל זופּ צוזאַמען מיט דער טרער און שטיל דורכגעפּליסטערט, אומקוקנדיק זיך אָפן בעטל:

— דינע... דינעלע... מיר דאַרפן זיך געזעגענען...

א בלוט־צופּלוס האָט פאַררויטלט דינעס באַקן. צוויי שאַרפע געפילן האָבן זיך צונויפגעשטויסן אין איר האַרצן — ראַכמאָנעס און צאָרן. ראַכמאָנעס אַף פּימען און צאָרן — אויך אַף פּימען. וואָס דאַרף מען אזוי פּאַניקעווען? דער הימל איז נאָך ניט בא דער ערד... זי האָט זיך אָבער גלײַך באַטראַכט. זי, הייסט עס, איז א דאָקטער, און ער, פּימע, איז איצט איר פּאַציענט, איר קראַנקער, מוז מען זיך באַציִען צו אים מיט גנאָד.

— הער מיך אויס, פּימע. דו ביסט דאָך ניט קיין פּאַכדן...

שלאָגט ער זי איבער:

— האָסט א טאָעס, דינעלע. איך בין א פּאַכדן.

— וואָס טראַכסטו אויס אַף זיך בילבולים! וואָסי, איך קען דיך ניט? ווען וואָלסט געווען א פּאַכדן, וואָלט איך דיך ניט ליב באַקומען. איך האָב פײַנט פּאַכדאָנים. זיי זײַנען נישט קיין פולווערטיקע מענטשן.

מורמלט ער דורך ווי צו זיך אַליין:

— פּרוּוו ניט זײַן קיין פּאַכדן, ווען די לופט, מיט וועלכער מיר אָטעמען, באַשטייט פון שטיקשטאָף, זויערשטאָף און פון דורכויסיקער מוירע.

דינע נעמט זײַן האַנט אין אירע, גלעט זי.

— דו האָסט מיר אָבער, ליבער, נאָך גאָרנישט ניט דערציילט. דערצייל. רעד אויס דאָס, וואָס דריקט דײַן האַרץ. שוין דאָס אַליין וועט פאַרלײַכטערן דײַן ווייטיק.

---

[1] וואָס זענען מיר און וואָס איז אונדזער לעבן?

— גוט. כ׳וועל א פרווו טאָן. כאָטש אין טאָג איז נישטאָ וואָס צו דערציילן...

אין קאַבינעט מיט א גראָב באַשלאָגענער טיר איז פימע אַריין מיט א באַשמייכלט פּנים, האָגאַם דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק געטיאַקעט, ווען ער האָט איבערגעטראָטן די שוועל. אין צימער איז פון אויבנאָן געזעסן פאַר א גרויסן טיש א מיליציע־שעף און בא דער זייט האָט זיך צוגעשפּאַרט צום טיש אן אומבאַקאַנטער שוויַיגנדיקער מענטש, א ציוויל אָנגעטאָנענער מיט עפּעס צו א גלייַכגילטיקן אויסזען, ווען ניט דער דורכדרינגלעכער קוק, וואָס ער האָט אָף אים געכאַפּט.

— זעצט זיך, בירגער גיטיס, — האָט דער שעף אָנגעוויזן פימען אָף א שטול און א בלעטער געטאָן עפּעס א פּאַפּקע, וואָס איז געלעגן צעעפנט פאַר זיַינע אויגן. — מיר דאַרפן פאַרפּינקטלעכן אייניקע מאָמענטן אין אַייער, אַזוי צו זאָגן, פּערזענלעכן דאָסיע (א שמייכעלע). אָט שרייַבט איר אין אייַער אַנקעטע, אַז איר קענט זיבן שפּראַכן. זיבן! — האָט ער איבערגעכאַזערט מיט א באַטאָנונג. — ס׳הייסט, ייִדיש, רוסיש, אוקראַיִניש, העברעיִש, ענגליש, דייַטש און פראַנצויזיש. פרעגט זיך א קאַשע: פונוואַנען און צוליב וואָס דאַרפט איר האָבן אַזויפיל שפּראַכן, האַ?

אָט אַזוי פרעגט ער טאַמעוואַטע, קלוימערשט, און, ניט וואַרטנדיק אָף פימעס ענטפער, פּרוּווט ער אַליין פאַרויסטרעפן אים.

— נו, לאָמיר זאָגן, ענגליש, דייַטש... דאָס איז פאַרשטענדלעך, איר זענט דאָך א געבילדעטער מענטש, און דערצו, זאָגט מען — א שטיקל זשורנאַליסט, צי א שרייַבער... אָבער צוליב וואָס דאַרפט איר האָבן דעם אַלטפרענקישן העברעיִש, האַ?

גיטיס האָט געשוויגן. א מאָדנע אומגעריכטע פראַגע! דוכט זיך, אַזאַ פּאַשעטע, און ס׳איז אים עפּעס שווערלעך צו געבן א דייַטלעכן ענטפער, אַז דער דאָזיקער שעף זאָל אים פאַרשטיין. ער האָט א קלער געטאָן, אַז צום אַלעם ערשטן וואָלט ער געדאַרפט פאַרגעבן אַזאַ פראַגע זיך אַליין, וואָלט אים עפּשער געווען לייַכטער געבן אן ענטפער אים, דעם שעף, וואָס ווייסט בלויז, אַז העברעיִש איז אן ״אַלטפרענקישע שפּראַך״.

״פימע, צוליב וואָס דאַרפסטו טאַקע העברעיִש?״

דער שוויַיגנדיקער מענטש מיט די דורכדרינגלעכע אויגן האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעטיילט פונעם טיש, צו וועלכן ער איז געזעסן צוגעשפּאַרט, און פרייַ זיך צעלייגט אָפן שטול. ניט פאַרשטעלט, האָט ער זיך געטישעט מיט פימעס פאַרלעגנהייַט, נאָר ווייַטער געשוויגן. אָבער ווען פימע האָט געוומען ענטפערן. האָט ער אים גלייַך איבערגעשלאָגן מיט א צווייטער פראַגע, וואָס האָט געזאָלט פאַרקערעווען די ערשטע אין א באַשטימטער, נייטיקער פאַר אים, ריכטונג.

— פונוואַנען ווייסט איר העברעיִש? ווער האָט אייַך געלערנט?

גיטיס האָט זיך דערפרייט, וואָס ער קאָן איבערהיפּערן די ערשטע פראַגע און ענטפערן גלייַך אָף דער צווייטער.

— איך האָב געלערנט העברעיִש אין א כיידער.

— וואָס איז דאָס אזוינס — "כיידער"? — האָט דער שעף שפּאָטיש געפרעגט, מיט עפּעס א מאָדנער גאדלעס, וואָס ער ווייסט ניט פון אזעלכע "נארישקייטן". — מיט וואָס עסט מען דאָס? אויב איר...

דער אומבאקאנטער רעטענישדיקער מענטש האָט אָן איבעריקע צערעמאָניעס איבערגעשלאָגן דעם שעף, און פּימע האָט געקאָנט מאכן אָן אויספיר, אז גראָד דער דאָזיקער זייטיקער מענטש שפּילט אין דעם געשפרעך די הויפּט־ראָל.

— ס'איז דען פאראן א כיידער אין קיעוו?

פּימע האָט א צוק געטאָן מיט די אקסל.

— כ'ווייס ניט. אָבער איך האָב זיך געלערנט מיט צוואנציק יאָר צוריק. און ניט אין קיעוו, נאָר אין א שטעטל.

— אין וואָסער שטעטל?

— אין קאַלינאָווקע.

— נו, און אין קאַלינאָווקע איז פאראן איצטער א כיידער?

— דעמלט איז געווען. איצטער ווייס איך ניט.

— איר קענט גוט העברעיש?

— כ'מיין... כ'מיין, אז נישקאָשעדיק.

— ניט פארגעסן פאר צוואנציק יאָר?

— דאָס וואָס מע לערנט קינדווייז...

— נאָר אָט האָב איך געלערנט דייטש אין שול און אלץ פארגעסן. הייסט עס, אז איר לערנט ביז אהער העברעיש. און ניט בלויז זיך, נאָר אנדערע אויך. זייט זיך מודה — ווו איז אייער כיידער?

— כיידער? וואָס פאר א כיידער? כיידער איז דאָך געווען פאר קינדער, און איך בין, ווי איר זעט, שוין א דערוואקסענער. כ'האָב שוין אליין א קינד...

גיטיס האָט בלייך א שמייכל געטאָן און צוגעגעבן:

— און איך בין א זשורנאליסט און ניט קיין רעבע.

יענער אָבער פירט ווייטער. אומגעדולדיק און שוין בייזלעך.

— איר האָט א העברעישע ביבליאָטעק?

פּימען ווערט אופריכטיק לעכערלעך.

— א ביבליאָטעק! צוליב דעם דארף מען פארמאָגן כאָטש איין ביכער־שראנק. און איך האָב בלויז א צעריפּעטע עטאזשערקע, ווייל די גאנצע דירע מיינע באשטייט פון איין צימערל.

— וואָס דרייט איר זיך אפּן קאָרעק? ענטפערט גלייך: איר האָט העברעישע ביכער?

פּימע אָבער, מאכמעס עפּעס, ענטפערט ניט גלייך. און דאָס וועט אים קאָסטן טייער. ער האָט דאָס דערפילט לויטן גרויזאמען בליק פון א פּאָר שארף־דורכדרינגלעכע אויגן.

— יאָ. כ'האָב אייניקע... — האָט גיטיס ענדלעך דורכגעמורמלט.

— וואָס פאר א ביכער? — האָט דער מענטש פאַרגעזעצט דעם אָנגריף אָן אָן אָטעם־איבערכאַפּ.

פּימע שווייגט. און דאָס איז געווען זיין צווייטער גורלדיקער טאָעס. אָנשטאָט צו ענטפערן באלד, קלערט ער גאָר מיט א פארשפּעטיקונג,

אז ער וואָלט ניט געדאַרפֿט זאָגן, אַז ער האָט העברעיִשע ביכער. אָבער צוליב וואָס לייקענען? וואָסי? ס'איז טרייף? באַקומט זיך אַ גאַנצער גראַטעסק: העברעיִש איז ניט נאָר אַן אַלטפֿרענקישע שפּראַך, נאָר אויך אַ טרייף־פּאַסלדיקע.

ענדלעך האָט גיטיס אומדײַטלעך אויסגערעדט:

— כ'געדענק שוין ניט...

און דאָס איז געווען זײַן דריטער טאָעס. און אַלע דרײַ טעותים האָבן געהאַט איין קוואַל. פֿאַרוואָס, נו, טאַקע, צוליב וואָס האָט ער געדאַרפֿט שרײַבן אין דער אַנקעטע, אַז ער קען זיבן שפּראַכן און צווישן זיי העברעיִש?

## 3

**אָ**ט אַזאַ פֿראַגע האָט פּימע שוין עטלעכע מאָל פֿאַרגעבן זײַן פֿרוי אין טיפֿער נאַכט, און דינע באַמיט זיך באַרויִקן אים. און זיך. גאָט מײַן גאָטו וואָס פֿאַר אַ פֿאַרברעכן איז דאָס — קענען העברעיִש? און אין וואָס פֿאַר אַ גרויזאַמער זינלאָזער צײַט לעבן מיר? אַ צײַט, וואָס באַשטייט פֿון אַ באַשטענדיקן כּישעכדיקן דערנידערנדיקן שרעק...

— דו דאַרפֿסט זײַן געוואָגטער פֿון מיר, — מורמלט דינע, און זי ווייסט אַליין ניט צוליב וואָס.

איבער דעם, אַפּאָנעס, פֿאַרשטאַרקט זיך דאָס געפֿיל פֿון ראַכמאָנעס, פֿאַרשטאַרקט זיך און ווערט פֿאַרוואַנדלט פֿון אַ ראַכמאָנעס פֿון אַ פֿרוי צו איר מאַן אין אַ ראַכמאָנעס פֿון אַ מוטער צו איר קינד. און דינע אײַלט זיך פֿאַרשטעלן די אַרויסגעריסענע פֿון איר פֿאַרצווייפֿלטער נעשאָמע ווערטער מיט נײַע.

— ס'איז דען ניט עמעס, פּימע, אַז דו קענסט העברעיִש?

— אַז ווײַ דעם עמעס...

אַ לעפֿל נאָך אַ לעפֿל לעבלעכן זופּ גיסט פּימע אַרײַן אין זײַן צוניפֿגעשרומפּענעם מאָגן, און טוען טוט ער דאָס אָן כיישעק, אָן פֿאַרגעניגן, אָן אַפּעטיט, פֿאַרזעצנדיק צו מוסערן זיך מיט אַלערלײי באַליידיקנדיע ווערטער.

— אַ נאַר! אַ לוי־יוצלעך! אַ שויטע בען פּיקהאָלץ! אַ פּוסטער באַרימער! שוין זשע מוזן אַלע וויסן, אַז ער קען זיבן שפּראַכן!.. וואָס האָב איך דען...

— נו, פֿאַרפֿאַלן! — שלאָגט אים איבער דינע. — הער שוין אויף.

ער דערפֿילט אין דינעס שטים עפּעס אַ רויגעז. צי עפּשער דערפֿילט ער ניט, נאָר עס ווײַזט זיך אים אויס, אַז ער האָט עפּעס דערפֿילט, און ביפֿראַט, אַז דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך, אויב ער אַליין איז באַרויגעז אויף זיך. נעמט ער זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַר דינען.

— דו פאַרשטייסט, דינעלע... איך... איך וואָלט אים ניט געדאַרפט זאָגן, אַז איך האָב העברעיִשע ביכער, ווען כ׳וואָלט ניט מוירע געהאַט, אַז אָט פּאָרט ער גלײַך מיט מיר אַהיים און מאַכט אַן אונטערזוכונג.

דינע דערווידערט. דער צאָרן צעהיצט זיך אין איר נעשאָמע, נאָר דאָס געוויסן פּײַניקט זי. צאָרן? יאָ, געוויס. אָבער לעגאַבע וועמען, דינע? צי ניט לעגאַבע דעם מענטשן מיט די דורכדרינגלעכע אומבעראַכמאָנעסדיקע אויגן, וואָס זוכט פאַרברעכנס דאָרטן, וווּ עס איז קיין שפּור אפילע נישטאָ? לעגאַבע דײַן צעמישטן מאַן, וואָס איז גאָט די נעשאָמע שולדיק? זי טוט אים א קוש אין עטלעכע גראָווע הערעלעך, וואָס ווײַסן זיך שוין צווישן פעך־שוואַרצע פּאַטלעס איבער דעם הויכן שטערן, און זאָגט אים:

— פאַרליר ניט, פימעלע, דעם מוט. נו, טו אליין א קלער: איז וואָס, אַז דו האָסט העברעיִשע ביכער? וואָס איז דען דאָרטן, אין די דאָזיקע ביכער? אַנטיסאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע? אַנטיקאָמוניסטישע אויספאַלן? וואָס, פרעג איך דיך? די ביכער זײַנען דאָך א סאַך עלטער פון... פון... זיי זײַנען דאָך פאַרפאַסט נאָך ביז דער רעוואָליוציע, איז וויִאַזוי קאָן דאָרטן זײַן עפּעס אַנטיסאָוועטישס?

פימע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם לעפל אין טעלער, א קאַלויִצע געטאָן דעם קאַלט געוואָרענעם זופּ.

— ביסט גערעכט, דינעלע. נאָר איך האָב דיר שוין געזאָגט — אַז ווי דעם גערעכטן. זיי וועלן טאָמיד אָפּזוכן אין זיי עפּעס טרייפס...

— נו, גענוג שוין, פימע. עס אָפּ, וועל איך דיר דערלאַנגען א הייסע גלאָז טיי, אַזא הייסע, ווי דו האָסט ליב. און לאָמיר גיין שלאָפן. איך בין שטאַרק מיד, און דו — אַוואַדע. מאָרגן וועלן מיר שוין א קלער טאָן, וואָס מיר האָבן צו טאָן. דו ווייסט דאָך דאָס רוסישע ווערטל — "דער אינדערפרי איז קליגערער פון דעם אָפּדערנאַכט"...

פימע האָט אויסגעגלאָצט אָף איר די אויגן. דינען איז געוואָרן עפּעס ניט גוט אָפן האַרצן. זי האָט פּאַשעט ניט דערקענט פימעס ליבלעכע געוויינלעך שמייכלענדיקע אויגן. זיי זײַנען געווען פול ביז צו די וויִעס מיט פינצטערן שרעק.

— אינדערפרי... אינדערפרי וועט עפּשער שוין זײַן שפּעט... זיי קומען געוויינלעך באַנאַכט...

דינע האָט היסטעריש אויסגערופן:

— זאָל שוין זײַן גענוג!

דאָס קינד האָט זיך צעפּכינקעט אין שלאָף, פימע האָט נערוועז א וואָרף געטאָן דעם לעפל אָפן טיש, צוגעלאָפן צום בעטל, אָנגעבויגן זיך.

— שלאָף, אַרקעלע, שלאָף... אײַ־ליו־ליו־ליולינקע, שלאָף זשע, מײַן זאָזולינקע... פונעם וואַלד דעם ווײַסן קומט א בער א קײַסן... ווער סע שלאָפט ניט, עסט ער...

פימע ווערט אַנשוויגן, הערט זיך צו. אַרקע אָטעמט שוין, דוכט זיך, רויִק, גלײַכמעסיק. פונדעסטוועגן זעצט ער פאָר:

גיכער אייגעלעך פארמאַך,
ס'קלאַפּט דער יאַסטער אינעם דאַך,
מיט די גרויסע פליגל
פּאַטשט ער אויף דײַן וויגל...

דינע גייט צו צו פּימען, רוימט אים אײַן אין אויער צוזאַמען מיט א קוש:

— זײַ מיר מוחל, פּימע...

פּימע רעדט אויס שטיל און צעשטריכט, ווי צו זיך אַליין:

— וואָס פּלוצעם האָט אים פאַרינטערעסירט מײַן ביבליאָטעק? פונוואַנען ווייסט ער וועגן איר? ווער האָט אונדז געמאָסערט, האַ, דינע? ווער קומט דען צו אונדז? כּוץ עפּשער קירילן... נאָר קיריל איז דאָך אונדזער גוטער־פרײַנט, האַ, דינע? איז עפּשער די באַלעבאָסטע אונדזערע? ניין, ס'קאָן ניט זײַן, שוין אַן עלטערע קרענקלעכע פרוי... עמעס, זי איז באַרויגעז אויף אונדז, זי פאָדערט, מיר זאָלן איר צאָלן מערער פאַר דער דירע, ווײַל אַלץ איז איצט טײַערער געוואָרן, אָבער... ניין, סע קאָן ניט זײַן... איז עפּשער איר זון? ניין. מיר זעען זיך ניט מיט אים גאַנצענע טעג. ער פאָרט אוועק אויף דער אַרבעט, ווען ס'איז נאָך טונקל, און קערט זיך אום שפּעט, ווען ס'איז שוין פינצטער...

ער שעפּטשעט און שעפּטשעט, און דינען ווײַזט זיך אויס, אַז איר מיטאַמאָל צוריקגעוואַקסענער מאַן האָט צוערשט פאַרוויגט דאָס קינד און איצטער פאַרוויגט ער זיך אַליין מיט טרייסטווערטער, אַז אַלע מענטשן, וואָס רינגלען זיי אַרום, זײַנען ווילע, געוויסנהאַפטע, און קיינער האָט זיי ניט געמאָסערט... אײַ־ליו־ליו־ליולינקע, שלאָף זשע, מײַן זאָזולינקע...

פּימע האָט אַראָפּגענומען דאָס אייבערשטע קישעלע פונעם בעט און האָט זיך גענומען בעטן. דינע קוקט אויף אים מיט גרויסע פאַרכידעשטע אויגן. דאָס ערשטע מאָל, זינט זיי האָבן כאַסענע געהאַט, נעמט פּימע זיך בעטן. איז דאָס ניט קיין סימען, אַז... אַז...

ער האָט צאַרט אויסגערעדט:

— לייג זיך שלאָפן, דינעלע־האַרץ.

— און דו?

— איך וועל נאָך... איך מוז נאָך א קאָפּ זײַן וואַך... איך דאַרף דאָך זיך גרייטן...

— וואָס הייסט עס "זיך גרייטן"?

— איך האָב דען געזאָגט "זיך גרייטן"?

— וואָס דען האָסטו געזאָגט?

פּימע שטרענגט זיך אָן. פרוווט דערמאָנען זיך, וואָס ער האָט געזאָגט.

— כ'האָב געזאָגט... דוכט זיך... כ'האָב געזאָגט — "הערן"... צי "קלערן"... יאָ, איך דאַרף טאַקע נאָך א קאָפּ א קלער טאָן.

אויסטוענדיק זיך, האָט דינע שטיל אויסגערעדט:

— מיר דאַכט זיך, אַז דו ביסט ניט בײַ די געדאַנקען.

פּימע האָט אָפּגעשוויגן. אָבער ווען דינע האָט זיך אויסגעטאָן, געלייגט זיך אין בעט און אַרופגעצויגן אויף זיך די קאָלדרע ביזן שפּיץ קאָפּ, קעדיי די שײַן זאָל איר ניט שטערן אײַנשלאָפן, האָט ער זיך געכאַפּט:

— דינעלע, ווייסט ניט ווו מײַן לײַבל איז?
דינע האָט אופגעעפנט די אויגן. שוין פארשלאָפענערהייט אומצופרידן געפרעגט:
— וואָס פאר א לײַבל?
— דאָס ווארעם לײַבל.
— וואָס פלוצעם דארפסטו דאָס לײַבל אינמיטן דער נאכט?
— כ׳ווייס... אף יעדן פאל...
פימע איז געזעסן שטילערהייט און געדולדיק געווארט מיט אן אײַנגעהאלטענעם אָטעם ביז עס וועט זיך דערהערן דאָס גלײַכמעסיקע דעכען פון די צוויי טײַערסטע פאר אים נעפאשעס: ארקעלע און דינע. אָ, גוט. זיי זײַנען שוין אנשלאָפן געוואָרן. איצט איז ער געבליבן אליין מיט זײַנע איבערלעבענישן וועט ער שוין קאָנען זיך פאנאנדערקלײַבן וואָס און ווען...
ער האָט געכאפט א קוק אפן זייגערל. שוין איינס אזייגער. עס ריזלט שוין א נײַער טאָג. דארף מען זיך צווײַלן. ס׳איז די רעכטע צײַט, ווען זיי האָבן ליב זיך באווײַזן אָנפאלן אומגעריכט. ווען א מענטש איז דערשראָקן און דערצו נאָך האלב פארשלאָפן, קאָן מען בא אים פועלן וואָס דו ווילסט.
אָנשפארנדיק זיך מיט די עלנבויגנס אפן טיש, האָט ער צונויפגעפלאָכטן די פינגער און אראָפגעלאָזט דעם קאָפּ אף זיי. מע דארף זיך פארטיפן, ניט אָפּווענדן די אופמערקזאמקײַט אף זײַטיקע זאכן. אלזאָ, וואָס, אייגנטלעך, האָט געטראָפן?
די שטילקײַט איז געווען אזא אומדורכדרינגלעכע, אז ער האָט געהערט דעם וואייסרויצעצו פון זײַנע אייגענע געדאנקען. ער האָט פארמאכט די אויגן, קעדיי זיי זאָלן גאָרנישט ניט אָפּקערן אין א זײַט — זאָלן זיי, די קלערענישן, שטראָמען אזוי ווי זיי ווילן, ער, פימע, וועט זיך ניט מישן. און שטראָמענדיק אָן א סיידער, ווי אין א קאָשמארישן כאָלעם, האָט פימע פלוצעם דערזען מיט פארמאכטע אויגן, ווי עס עפנט זיך קלאנגלאָז די טיר און עס באווײַזט זיך אף דער שוועל זײַן זיידע — א ייִד מיט א לאנגער ווײַסער באָרד, אין א לאנגער שווארצער קאפאָטע. ער טוט זיך א צי מיט צוויי דארע פארגעלטע פון טאבעק פינגער צום בײַשטידל פון דער טיר און טוט א שאָקל מיט טאדלונג דעם קאָפּ — נישטאָ קיין מעזוזע! פונדעסטוועגן טרעט ער אריבער די שוועל, גייט צו צו דער הרובע, עפנט אוף דאָס טירל, נעמט אָן א זשמעניע אש און שיט דאָס אויס אפן קאָפּ. דערנאָך שלעפּט ער ארויס פון צווישן דער וואנט און דער הרובע א פּאָר שײַטלעך האָלץ, וואָס טריקענען זיך דאָרטן, לייגט זיי אוועק אפן דיל און לאָזט זיך אראָפּ אף זייער שטעכ׳קער אויבערפלאך, עס זאָל אים זײַן וואָס אומבאקוועמער און וואָס ווייטיקדיקער צו זיצן, און פארפירט א דינטווירע מיטן ריבוינעשעלוילעם: מא אָנו? אומא כאיעינו? און ווי שטענדיק גליטשט זיך אראָפּ דער שמועס מיט גאָט פון מידאס־האדין צו מידאס־האָראכמים, ס׳הייסט, דו ביסט גערעכט און דײַן מישפּעט איז גערעכט, נאָר האָב ראכמאָנעס אף דײַנע קנעכט, וואָס זייער לעבן איז גאָר קיין לעבן

ניט, בלויז צאָרעס און מאַקעס און פּלאָגן... און ער זעט, פּימע, באַשײַמפּערלעך זעט ער, מיט פאַרמאַכטע אויגן, וויאַזוי גרויסע זקיינישע טרערן רינען אַראָפּ פון די אויגן איבער די קנייטשן פון זײַן, מיט אַש פאַרפּודערט, פּאָנעם...

א מאָדנע מענטש, דער ציידע, — קלערט פּימע, — אים איז דאָך אַזוי אויך שלעכט. איז ניין. אים קאָרטעט, אַז עס זאָל אים זײַן נאָך ערגער. ווען ער וואָלט געפונען ערגעץ צוועקעס, וואָלט ער זיך אַנידערגעזעצט אַף זיי. ער וויל, אַפּאָנעם, פאַרמיִעסן זיך דאָס לעבן לעגאַמרע — און ביפּראַט אַף דער עלטער — עס זאָל אים גרינגער זײַן צו צעשיידן זיך מיט דעם...

פּימע פאַרקלערט זיך. וואָס פּלוצעם האָט ער זיך דערמאָנט אין זײַן ציידן? ער שטייט פאַר זײַנע אויגן ווי א לעבעדיקער. ס׳איז צופעליק, מיינט איר? ניין. איר האָט, דאַכט זיך, א טאָעס. דער ציידע דאַרף אים אַרויסהעלפן פון זײַן קלעם, פון וועלכן אַפילע דינע קאָן אים ניט אויסלייזן. געוויינלעך, איבערפלעכלעך — יאָ, דאָס קאָן זי, ווי יעדע פרוי, און זי וועט אַפילע זײַן גערעכט. מע דאַרף ניט זײַן אַזוי איבערטראַכטעריש. מע דאַרף ניט זײַן אַזוי שרעקעוודיק. און צו דעם א פּאָר אַנטשפּרעכיקע ווערטלעך. אַשטייגער, מוט פאַרלוירן — אַלץ פאַרלוירן. אָדער — דער הימל איז נאָך ניט בא דער ערד. און שוין...

און שוין. און זי איז טאַקע גערעכט.

ס׳איז אָבער ניט מער ווי א גענאַרטע גערעכטיקייט.

דעם ציידנס טועכצן, אָבער, זײַנען עפּעס אַנדערש. און זײַן אָפּירונג אויך. דאָס איז אַן אָפּהילך פון הונדערטער דורעס. ער טרער אַרויס אין נאָמען פון זיי און פּירט זיך אויף ווי זיי וואָלטן זיך אויפגעפירט אין זײַן צײַט און בא זײַנע אומשטאַנדן. מע דאַרף מאַכן דאָס לעבן ערגער ווי דאָס איז, שווערער ווי דאָס איז. בלויז דעמלט באַקומט עס א טיפן זין, א מענטשלעכן. דאָס לעבן דאַרף זײַן שווער — איר הערט? א לײַכט לעבן איז ווי פּאַלאָווע. ס׳האָט א בלאָז געטאָן א ווינט און ס׳איז שוין נישטאָ...

...עפּעס אָבער פּיקט אין מויעך און פּיקט. עפּשער איז דינע טאַקע בעפּיירעש גערעכט? איך בין פּאָשעט א פּאַכדן און אַלע מײַנע כקירעס האָבן בלויז איין ציל — פאַרהוילן מײַן פּאַכדאָנעס. ס׳איז דאָך טאַקע ניט פֿײַן. ביסט דאָך עפּעס טאַקע א מאַנספּאַרשוין!

עמעס. אָבער דער פּאַכעד איז דאָך אויך א דורעסדיקער. ס׳איז דאָך אויך א גוירלדיקער אָפּזאָץ פון שוידערלעכע רעדיפעס און פאַרפאָלגונגען. ווּהין זאָל איך אים אַהינטאָן, דעם פּאַכעד?

שאַ, דער ציידע ווייסט ווּהין, אָט האָט ער באַלקאָרכע איבערגעריסן דעם ערשטן, אַמערסטן שטאַרקן און זיסן שלאָף, אויפגעשטאַנען, באַשיט זײַן קאָפּ מיט אַש, אַוועקגעזעצט זיך אַומבאַקוועם, אַומגעלומפּערט אַף שטעכיקע שײַטלעך האָלץ, און דאָס איז אים ניכע, ווײַל א מענטש דאַרף אַפּצולאָכעס פאַרשאַפן זיך אַליין וואָס מער אומיסטנדיקע קינסטלעכע יעסורים, אַניט, ווען עס וועלן זיך, כאָלילע, אָנוואַרפן אַף דיר עמעסדיקע, וועסטו ווערן אויס מענטש.

אפצולאָכעס? וועמען אפצולאָכעס? אפצולאָכעס גאָט, וואָס האָט, מישטיינס־געזאָגט, אזא און אזא לעבן באשאפן?
ניין. כאָלילע. טשעפּע ניט גאָט. א מענטש מוז האָבן א גאָט, אניט, פאר וועמען וועט ער אויסוויינען זײַנע טרערן? אף וועמען וועט ער זיך פארלאָזן, דער בידנער מענטש?
„זיידע, גיי אוועק. איך וויל זיך זעצן אף דײַן אָרט ביזוואנען ס'איז נאָך ווארעם מיט דער ווארעמקײַט פון דײַן נעשאָמע", — האָט פּימע קלאנגלאָז דורכגעפליסטערט.
נאָר דער זיידע האָט סײַווי דערהערט. ניט געײַלט, האָט ער פארענדיקט זײַן טפילע, מיט א ווייטיק־קרעכץ זיך קוים אופגעהויבן פון דעם אָרט. נאָר ווּבאלד ער האָט זיך געשטעלט אף די פיס, האָט ער מיטאמאָל אויסגעגלײַכט דעם הויקער פון זײַנע אלטיטשקע פּלייצעס, און הארב און איינצײַטיק שפּאָטיש געפרעגט:
„ווי רופט מען דיך, איניקל?"
„פּימע".
„פארוואָס גאָר פּימע? דײַן נאָמען איז מײַן נאָמען. און מײַן נאָמען איז כאַים. און כאַים איז לעבן".
צוגייענדיק צו דער טיר, האָט דער זיידע צוגעגעבן:
„זאָלסט ניט פארזאמען צופּעסטיקן א מעזוזע צום בײַשטידל".
נאָכדעם האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעכאזערט:
„פארגעס ניט, מײַן איניק, דײַן נאָמען איז כאַים... כאַים... כאַים..."
און איז פארשוווּנדן.
און אין צימער האָט נאָך לאנג געלאָזט זיך הערן א הארבער און שפּאָטישער ווידערקאָל: כא... כא... כא...
קעדיי צו פארטרייבן אים, האָט פּימע א כאַפּ געטאָן פונעם טיש א פודעלע מיט קנאָפּקעס, אויסגעשיט זיי אף די שאכטלעך האָלץ, זיך שווער אראָפּגעלאָזט אף זיי און גלײַך אופגעשפּרונגען — די שארפע שפּיצן פון די קנאָפּקעס האָבן זיך אײַנגעביסן אין זײַן לײַב. נאָר כא־כא־כאַ־ים האָט נאָך געקלונגען אין זײַנע אויערן. איז ער, ווי דער זיידע, זאכלעך צוגעגאנגען צו דער הרובע, אופגעפּראלט דאָס טירל, אָנגענומען א פולע זשמעניע אש און אויסגעשיט אפן קאָפּ. נאָכדעם האָט ער אנטשלאָסן זיך אוועקגעזעצט. „קנאָפּקעס! אויך מיר א שטראָף! קאנצעליארישע קנאָפּקעס! גיב אהער צוועקעס, גוטער־ברודער! אָבער ווּ נעמט מען זיי?" פארײַסנדיק דעם קאָפּ ארוף, דאָרטן, ווּ עס האָט געזאָלט זײַן א בלויער הימל, נאָר עס הןָט זיך געווײַסט א נידעריקע סטעליע, האָט ער געגומען שעפּטשען פּסוקים פון טילים, וואָס זײַנען געבליבן שטעקן אין זײַן זיקאָרן פון דעם רעבנס טוירע, און פון די גלײַכווערטלעך פון זײַן זיידן, וואָס זײַן נאָמען איז געווען כאַים. און פארפּראוועט מיט אייגענע קלאָגעניש, וואָס האָבן געדרעמלט אין הארצן, פארשאָטענע מיט אש, און איצטער, אין א שעאָס־סאקאָנע, ווען ער האָט אויסגעשאָטן דאָס אש אפן קאָפּ, זײַנען זיי אופגעשטאנען טכיִאס־האמייסים.
גאָט! מאך גלײַך דעם וועג פאר מיר, וואָרעם די פיס מײַנע

שטרויכלען זיך אין א שטיין־געוואלגער און אן אָפּגרונט הויערט שוין נאָענט.

גאָט! מאך גלייך מיין געדאנק, ווייל ניט באנעמען קאָן מיין סייכל דיינע מייסע־טאאטוים: פארוואָס לעבט דער, וואָס לאָזט ניט לעבן זיין גלייכן, און פארוואָס שטארבט דער, וואָס פרייט זיך מיט יענעמס לעבן? צי דארפסטו ניט פארשטויסן יענע מענטשן־פיינט פאר זייערע פארברעכנס? צי דארפסטו ניט אויסשטרעקן דיין רעכטע האנט צו די, וואָס קומען אום און ווייסן ניט פארוואָס?

מונטער מיך, גאָט, ווייל מיין זעל איז דערשראָקן און איך ווייס ניט, איך ווייס ניט, פארוואָס קומט מיר אזא שרעק. איך האָב ניט געזינדיקט פאר קיינעם, ניט פאר דיר, ניט פאר לייט.

מישפּעט גאָט די רעשאָים פאר זייער רישעס, וואָס האָט ניט קיין זין, נישט קיין בארעכטיקונג, מישפּעט זיי, אויב דו ביסט טאקע א גערעכטער ריכטער און עס גייט דיר אָן דער גורל פון די פארפאָלגטע. צי עפּשער גארסטו, כ׳זאָל זיך אופהייבן אף א הויכן בארג און אויסרופן מיט אן אויסרוף פון מיליאָסן אומגליקלעכע מענטשן: נישטאָ קיין גאָט! נישטאָ!..

אָט אזוי מורמלט ער, ער, דער געבילדעטער זשורנאליסט און דיכטער יעפּים סאמוילאָוויטש גיטיס, מורמלט שטילערהייט, אז דאָס קינד און די פרוי זאָלן זיך ניט אופכאפּן, און פרעגט בא גאָט, אין וועלכן ער גלייבט ניט שוין א טוץ יאָרן, פרעגט פונדעסטוועגן בא אים, ווי בא אן אויבער־רעגירער, וואָס פראוועט מיט דער וועלט: "נישטיק און פּאסקודנע איז אזא לעבן. זאָל איך עפּשער שטארבן? און וואָס וועט זיין מיט ארקעלען און דינען?"

ער ווייסט גאנץ גוט, אז ניט גאָט, ניט לייט וועלן אים ניט ענטפערן אף דער דאָזיקער פראגע. עפּשער בלויז דער זיידע. ער וויל דאָך, דער זיידע, אז די לאנגע קייט זאָל אָנוואקסן מיט נייע רינגען פון אייניקלעך, אורייניקלעך, אור־אור... האָט פּימע דערהערט און דערקענט דעם זיידנס שוין פארדומפּענע הייזעריקע שטים: "שטיי אוף! ניט שטארב! נאָר לעבן זאָלסטו לעבן, אין פלאָגן זאָלסטו לעבן. דאָס איז ניט נאָר דיין רעכט, נאָר דיין כוויו. פארברען די ביכער און גיי צו דער אקיידע. און זאָלסט ניט פארגעסן אריינלייגן אין קלומעקל דאָס ווארעם לייבל און א ביסל סוכארעס..."

שטיי אוף! יאָ. מע דארף אופשטיין. מע דארף עפּעס טאָן. דער ווייטיק אין אונטערשטן כיילעק פון זיין לייב האָט אים אומגעקערט צום לעבן. די אפּאטיע איז אנטרונען. מע דארף זיך ראטעווען... נאָר ער איז נאָך אלץ געזעסן, גלייך ער וואָלט געוועזן צוגעקנאָפּקעט צו די שאכטלעך האָלץ. אומבאהאָלפן האָט ער זיך א דריי געטאָן אין א זייט, און זיינע אויגן האָבן זיך געטראָפן מיט דינעס אויסגעגלאָצטע אויגן, פולע ביזן ראנד מיט שוידער.

— גאָטעניו! ביסט דאָך גראָוו געוואָרן פאר איין שאָ.

— ס׳איז ניט קיין גראָווקייט... ס׳איז אש...

— פּימע! ביסט אראָפּ פון זינען! — האָט דינע א יאָמער געטאָן,

און אַרקעלע האָט זיך צעפּכינקעט אין שלאָף. און פֿונעם גאַנעקל האָט זיך דערהערט דער באַלעבאָסטעס פֿאַרשלאָפֿן נאָר בייז קאָל:
— כאַפּט זיי דער רוען! זיי שלאָפֿן אַליין ניט און לאָזן יענעם ניט שלאָפֿן.
פּימע האָט צוגעטוליעט אַ פֿינגער צו די ליפּן.
— שאַ, דינעלע. האָב ניט מוירע... איך בין ניט אַראָפּ פֿון זינען. איך מאַך אַ סיידער אינעם פּלאָנטער פֿון מײַנע געדאַנקען, איידער...
— איידער וואָס?
ער האָט זיך מיט אָנשטרענגונג אויפֿגעהויבן פֿונעם אָרט, צוגעגאַנגען צום בעט, אַראָפּגעלאָזט זיך אויף די קני, אָנגעבויגן דעם קאָפּ — דאָס אַש האָט לײַכט זיך אָפּגעשיידט פֿון זײַנע האָר און פֿאַרפּודערט די קישן און דינעס צעפּאַטלטע שוואַרצע האָר — און ער האָט אַ קוש געטאָן זי אין באַק, איבערכאַזערנדיק פֿיל מאָל:
— איך בין ניט מעשוגע... איך בין ניט מעשוגע... הײַנט ווערט באַשלאָסן מײַן גוירל, מאַך איך אַ טיפֿן כעזשבן־האַנעפֿעש... דו הערסט? אַ טיפֿן, איז שלאָף אײַן, מײַן ליבע, און שטער מיר ניט.
דינע האָט פֿאַרמאַכט די אויגן. נאָר דער שוידער אין זיי איז פֿאַרבליבן. וואָס קאָן זי דען טאָן אינמיטן דער נאַכט? זי ווערט קעמוי ווידער אַנשלאָפֿן, און טרערן רינען איבער אירע באַקן...
פּימע גיטיס, ווידער, האָט מיט אַ ייִעש־ענערגיע זיך גענומען פֿאַר דער אַרבעט. ער האָט אַרויסגענומען פֿון דעם שופֿלאָד אַלערליי פּאַפּירן, אויף וועלכע ער פֿלעגט צומאָל איבערגיסן די דינסטע ווייעניש פֿון זײַן נעשאָמע, וואָס האָבן ניט, דוכט זיך, קיין שום שײַכעס צו פּאָליטיק, — אָבער גיי ווייס, וויאַזוי זיי וועלן דאָס אויסטײַטשן! — און ער האָט זיי אַרײַנגעשלײַדערט אין דעם שוואַרצן אָפֿענעם שלונג פֿון דער הרובע. און גלײַך גענומען זיך פֿאַר די ביכער. אָ־האָ, דינעלע, זאָרג ניט! איך בין ניט מעשוגע. אַניט וואָלט איך ניט געטאָן אַלץ אַזוי אויסגערעכנט, כאָטש איך בין ניט געשלאָפֿן אַ גאַנצע נאַכט, און דער קאָפּ — שיר אַז ער פּלאַצט ניט. אַוואַדע וועל איך ניט פֿאַרברענען אַלע העברעיִשע ביכער, עפּעס דאַרף מען דאָך איבערלאָזן. אַניט וועט ער אַ פֿרעג טאָן, יענער מענטש מיט די בויערנדיקע באַלעכעס: "איר האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז איר האָט העברעיִשע ביכער, טאָ וווּ זײַנען זיי?" ניין, ניט־גוטער, כ'וועל דיך איבערכיטרעווען. איך וועל דיר איבערלאָזן אַ פּאָר ביכער, אַשטייגער, אַ דיקדעק, אַ כרעסטאָמאַטיע אוקעדוימע. אַלע איבעריקע וועל איך פֿאַרברענען. אַזוי האָט מיר דער זיידע באַפֿוילן. לעבן איז טײַערער פֿון אַ בוך. אַ בוך קאָן מען קריגן. אַ בוך קאָן מען אָנשרײַבן פֿונדאָסנײַ. ווער קאָן אָבער פֿונדאָסנײַ אָפּלעבן אַ לעבן?
פּימע צינדט אָן די פּאַפּירן, וואָס ער האָט אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער הרובע, און ווען דאָס פֿײַער צעברענט זיך, נעמט ער שלײַדערן אַהין אַ בוך נאָך אַ בוך, און ער זעט צו מיט טרוקענע אויגן, ווי דער פֿלאַם שטיקט זיי אין זײַנע פֿײַער־אָרעמס. און די צונגען זײַנע קושן זיי מיט בראַנד־קושן, די טעוועלעך טרישטשען און קאָרטשען זיך, אַ

לאנגע פלאמפּײַער־צונג דרינגט גיריק אַרײַן אין דער שפּאַרונע און צינדט אָן די בלעטלעך, די בלעטלעך ברענען, נאָר די אויסיִעס פליִען ניט ארויס פון דער הרובע. ניין, זיי פליִען ניט ארויס, און גיטיס קאָנסטאַטירט דאָס מיט א קאַלט פאַרפרוירן הארץ.

ערשט איצט פאַלט אַרײַן אין זײַן האנט ביאַליקס לידער. א רעגע האַלט פּימע דאָס ביכל אין דער האנט א פאַרלוירענער. אָבער ווען די רעגע איז דורכגעפלויגן, האָט ער מיט עפּעס אַן אומבעראַכמאָנעסדיקן אַפּצולאָכעס א שלײַדער געטאָן דאָס אין פײַער. די פלאַם־צונגען האָבן זיך שוין גענומען לעקן די טעװעלעך. און דאָ האָט זיך פּלוצעם דערהערט א גרילץ פון א גריל, וואָס האָט געהויזט אין עפּעס א שפּאַרונע צווישן דער וואַנט און דער הרובע. דערפילנדיק א מעכײַעדיקע וואַרעמקײַט, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פונעם נעבעכדיקן דרעמל מיט א מיזמער צו גאָט. פּימע, ס'הייסט, כאַים האָט א ציטער געטאָן מיט א הייליקן ציטער. ער האָט זיך שאַרף א בייג געטאָן, אײַליק ארויסגעשלעפּט דאָס שוין אָפּגעברענט ביכל, א בלאָז געטאָן אויף דעם און פאַרלאָשן דאָס צאַנקענדיק פלעמעלע מיט א פײַכטן קוש פון זײַן מויל. אין דער־אָ רעגע איז ער געווען גליקלעך. גליקלעך און דאַנקבאַר דעם גריל, וואָס אַדאַנק אים האָט ער געראַטעוועט דאָס ביכל. אָבער זע, כאַים, דו וועסט שפּעטער כאַראָטע האָבן. וואָרעם דער מענטש מיט די אומפאַרשעמטע בויערנדיקע אויגאַנעס וועט דיך א פרעג טאָן:

— אויב דאָס דאָזיקע ביכל איז א קאָשערס, טאָ נאָך וואָס האָסטו דאָס געוואָרפן אין פײַער? זעסט דען ניט זײַנע אָפּגעברענטע טעװעלעך?

אזוי וועט ער פרעגן און וועט זײַן גערעכט, אויב דאָס וואָרט "גערעכט" פּאַסט פאַר אזא פאַרשוין. איז וואָס וועסטו אים ענטפערן?

דער רייעך פון די ברענענדיקע ביכער איז אַרײַנגעדרונגען אין דינעס נאָזלעכער צוזאַמען מיט דער לופט און זי האָט זיך ראַש אויפגעכאַפּט.

— וואָס טוסטו, פּימע?

— זעסט דען ניט?

— אומזיסט, אומזיסט...

זי האָט פאַריסן דעם עק פון דעם פאָרהענגל.

— עס הייבט שוין אָן צו טאָגן, פּימע. דײַן שרעקעניש איז געווען אַן אומזיסטע...

— אַן אומזיסטע, זאָגסטו?

— זעסט דאָך. קיינער איז ניט געקומען.

אין דער־אָ רעגע האָט זיך דערהערט א שאַרף קלאַפּעניש אין טיר. פּימע איז בלייך געוואָרן ווי די וואַנט. ער האָט, גלײַך ווי פאַרורטיילט, אויפגעעפנט די טיר, און עס האָבן זיך אַרײַנגעשטעלט דער מענטש מיט די דורכדרינגלעכע אויגן און נאָך עפּעס א פרעמדער, און נאָך אים — די פאַרשלאָפענע באַלעבאָסטע. זי איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט. נאָר דערזעענדיק די צערודערטע אומגליקלעכע פּנעמער פון אירע קוואַרטיראַנטן, האָט זי שטיל אויסגערעדט:

— מ׳האָט מיך אופגעוועקט און געזאָגט, אז כ׳זאָל זײַן א פּאַניאַטאָי.
וואָס דארף איך דאָס, נאָך וואָס?

## 4

פון דעמלט אָן האָט דינע פּימען מער ניט געזען. זי האָט אפילע ניט געוווּסט צי ער לעבט נאָך, צי עפּשער איז ער שוין... זי האָט מוירע געהאט אויסריידן דאָס שרעקלעכע וואָרט. זי האָט מוירע געהאט אפילע א קלער טאָן וועגן דעם. מיט פאַרוווּנדערונג האָט דינע אנטדעקט, אז זי, דאָקטער גיטיס, ווערט פּאַמעלעך פאַרוואַנדלט אין אַן אָפּגעלאָזטער אָבערגלויבערישער ייִדענע, א פולע מיט פוסטע זאבאבאָנעס. גאָט שטראָפט זי און זי ווייסט ניט פאַר וואָס. עפּשער איז די מאַמע טאַקע געווען גערעכט? מע דארף זײַן פרום, טעכטערל, אויב ניט צוליב גאָט, איז צוליב זיך. לאַכסטו: צוליב זיך איז בעסער לעבנסלוסט איידער פרומקײַט. און צוליב גאָט?.. גאָט, איז דאָך נישטאָ. פונוואַנען ווייסטו? קאָלזמאַן מע קאָן נישט דערווײַזן, אז גאָט איז נישטאָ, דארף מען גלייבן, אז ער איז דאָ. אניט, איז ווער האָט באַשאַפן אזא ווּנדערלעכע וועלט?

אזוי פלעגט די מאַמע טײַנען, און דינע פלעגט זי גוטמוטיק אויסלאַכן. אָבער עפּעס, דאַכט זיך, איז פאַרט געווען אין די פּאַשעטע רייד פון דער אומגעבילדעטער. אין וואָס זשע באַשטייט דער "עפּעס"? אין דער טמימעסדיקער קענטשאַפט פון איר צוגעבן געוויינלעכע זאַכן א גײַסט פון דערהויבנקײַט. וואָס איז דען ליכט־בענטשן? מע נעמט א שוועבעלע און מע צינדט אָן ליכט, און שוין? ניין. ס׳איז ניט אזוי. ס׳איז גאָר אנדערש. און די אנדערשקײַט איז אָפּהענגיק ניט פון די שוועבעלעך און ניט פון די ליכט, נאָר פון דער אינווייניקסטער צוגרייטונג צו דער דאָזיקער קעמוי פּראָסט־פּאַשעטער טועכץ. הער זשע מיך אויס, דינעלע. מע פאַרמאַכט די אויגן — בלײַבסטו איינס אָף איינס מיט דײַן נעשאָמע. איז דאָס נאָך ווייניק, פאַרשטעלסטו די פאַרמאַכטע אויגן מיט ביידע הענט — טיילסטו זיך אָפּ פון דער גאַנצער וועלט. ערשט דעמלט מאַכסטו שטילערהייט א בראָכע, און ווען דו לאָזסט אראָפּ די הענט און עפנסט אוף די אויגן, דערזעסטו די ליכטיקע שײַן פון די אָנגעצונדענע ליכט, פרייט זיך דײַן נעשאָמע מיט א פרייד פון א געפונענעם מאַזל: וואָס וואָלט, אשטייגער, געווען, ווען גאָט וואָלט ניט באַשאַפן די ליכטיקע זון מיט דער לעוואָנע, מיט די שטערן, און מיר וואָלטן ביז אהער געבלאָנקעט אין דער וויסטער כאַשכעס, ווי בלינדע פלעדערמייז?..

אזעלכע דערמאָנונגען און קלערענישן קאַליצען דינעס באַוווּסטזײַן אין שלאָפלאָזע נעכט. באַטאָג האָט זי ניט קיין צײַט. באַטאָג ארבעט זי. באַטאָג פילט זי שטענדיק אָף זיך די שווערע לאַסט פון עפּעס א

שטיקנדיקן, זיך צעוואקסנדיקן אומגליק. פונוואנען, פונוואנען האָט ער זיך פּלוצעם גענומען, דער דאָזיקער אומגליק, הא, מאמעניו?

עונטפערט די מאמע, געלאַסן ענטפערט זי, האגאס מיט איבערייסן, געכאַפּט, צווישן די שמאַכטנדיקע גרילצעניש פון דעם גריל:

— ווען הייבט מען אָן זוכן גאָט, טעכטערל? ווען מע ווערט אַלט, ווען מע ווערט קראַנק, ווען א בארג מיט צאָרעס וואַלגערט זיך אָן אויף דיר...

די מאמע האָט נאָך עפּעס געזאָגט, אָבער דער גריל האָט דאָס פאַרטויבט. א בארג מיט צאָרעס! פריִער פימע און איצטער אַרקע. פימע און אַרקע. און זי איז אַליין און ווייסט ניט וואָס צו טאָן.

ווען מ׳האָט געמאַכט די אונטערזוכונג, איז איר ווייטיקדיק האַרץ געווען מיט פימען. ווען אַרקען האָט זי פאַרגעסן. זי איז געווען זיכער, אַז ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן, שטיל געלעגן, אומבאַוועגלעך, א געפּענטעטער מיט פכאָדימדיקער פאַרלוירנקייט. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס כאַלעמט זיך אים, און די אויגן האָט ער אופגעעפנט אויך אין כאַלעם. עפּעס בייזע מענטשן שרייען אַפן טאַטן, און דער טאַטע האָט אזא איבערגעשראָקענעם נעבעכדיקן אויסזען, אַז דאָס האַרץ פונעם קינד שמעלצט זיך אויס ראַכמאָנעס... די מאמע איז אויך... שיר וואָס זי וויינט נישט... מיטאמאָל פאַרמאַכט אַרקע די אויגן. ער וויל ניט זען, וואָס עס כאַלעמט זיך אים, ווייל דאָס איז פול מיט שרעק. עס דערהערט זיך אָבער א באַפעלערישער געשריי פון עפּעס א פרעמדן מענטשן, מוז אַרקע ווידער עפענען די אויגן, זיי בלישטשען פיבערדיק, שרעקעוודיק, נאָר דאָס קינד האָט מוירע א שריַי צו טאָן, אַפילע אין כאַלעם...

דינע האָט דאָס אַלץ ניט געזען. איר גאַנצע אופמערקזאַמקייט — פימען. ער האָט אויך ווי פאַרלוירן דאָס לאָשן און דינע פרוווט אַלעמאָל אים אַרויסהעלפן.

דער מענטש מיט די אויגאַנעס טוט א צי די לופט אין די צעברייטערטע נאָזלעכער. ער באַמערקט אַף דער עטאַזשערקע דאָס ביכל ביאַליקס לידער מיט די אָפּגעברענטע טעוועלעך. ראַש טוט ער אָן עפּן דאָס איינוועלע, כאַפּט א קוק אַהין און פרעגט:

— פאַרוואָס האָט איר פאַרברענט די ביכער?

פימע שוויַיגט, ווי דאָס לאָשן איז אָפּגענומען. דינע ענטפערט פאַר אים:

— מיר האָבן ניט קיין האָלץ, און די ביכער זייַנען אומוויכטיקע.

— ס׳איז דען שוין אַזוי קאַלט, אַז מע מוז הייצן די הרובע?

— מיר האָבן א קליין קינד, עס האָט זיך צוגעקילט.

דער מענטש צעשרייַט זיך:

— וואָס באַרעט איר אונדז? מיר וועלן שוין איַיך וויַיזן, ווו די וויַיסע בערן ברילן!

דינע האָט זיך צעפלאַמט. פימע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אַרקע האָט קינדיש א טראַכט געטאָן: וואָס עפּעס דאַרף ער שרייַען און מיר שוויַיגן? לאָמיך זיך אופכאַפּן פונעם שלאָף, וועט דער כאַלעם מיך לאָזן

צורו... צוליב דעם אָבער מוז מען צום אַלעם ערשטן אַרויסטרײַבן פֿון דער שטוב די דאָזיקע פֿרעמדע שלעכטע מענטשן...

אַרקע איז אופֿגעשפּרונגען פֿונעם בעט און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם מענטשן, וואָס האָט אָנגעשריגן אויף דער מאַמען מיטן טאַטן.

— פֿאַרנעם זיך פֿונדאַנען, שלעכטער מענטש!

און ער, דער מענטש, האָט מיט איבל אַ שטורכע געטאָן דאָס אַזעלכדיק קינד.

דינע און פּימע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו אַרקען. נאָר די באַלעבאָסטע האָט זיי אומדערוואַרט פֿאַרלאָפֿן דעם וועג. זי האָט גענומען דאָס קינד אויף די הענט.

— שאַ... באַרויִק זיך, מײַן קינד. דו ביסט דאָך צווישן מענטשן ביסטו.

דאָס קינד פֿרעגט שטילערהייט:

— באָבעשי, איר זענט דאָ אַפּאַנעמעסן, צי נאָר אין כּאַלעם?

די באַלעבאָסטע האָט ביטער אַ שמייכל געטאָן.

— אַפּאַנעמעסן, קינד מײַנס... נאָר האַלעווײַ וואָלט דאָס געווען אַ כּאַלעם...

דינע האָט גענומען דאָס קינד פֿון דער באַלעבאָסטעס הענט און געלייגט דאָס אין בעטל. נאָר אַרקע האָט שוין ניט געקאָנט אַנשלאָפֿן ווערן. ער האָט געקוקט מיט גרויסע אויגן אויף די מעשונעדיקע מענטשן און אויף זייערע מעשונעדיקע טועכצן, און אַ גרויל האָט צונויפֿגעפּרעסט זײַן הערצעלע און שוין ניט אָפּגעלאָזט דאָס. און ווען דער טאַטע מיט אַ קלומעקל אין דער האַנט איז צוגעגאַנגען צום בעטל און געוואָלט זיך געזעגענען מיט אַרקען, איז דאָס קינד מיט אַ יאָמער אויפֿגעשפּרונגען אינעם בעטל, אַרומגעכאַפּט מיט בײדע הענט דעם פֿאָטערס האַלדז און געבליבן הענגען אויף דעם.

דער מענטש מיט די אויגן האָט אונטערגעטריבן:

— גיכער! גיכער! מיר האָבן נאָך אַ סאַך אַרבעט.

"אַרבעט! — האָט מיט ביטערקײַט אַ קלער געטאָן דינע. — וואָדען! אַלץ הייסט אַרבעט! וועקן מענטשן אינמיטן דער נאַכט, מאַכן אונטערזוכונגען אין זייערע הײַזער, אָפּרײַסן דעם פֿאָטער פֿון זײַנע קינדער — אַלץ, אַלץ הייסט אַרבעט!..."

פּימע האָט אָפּגיך אַ קוש געטאָן אַרקען אין בעקל, נאָר דאָס קינד האָט אים ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט ווידער אַרומגעכאַפּט דעם טאַטנס האַלדז און מיט אַ פֿאַרצווייפֿלט, ניט קיין קינדיש קאָל, האָט ער אויסגערופֿן:

— טאַטעניו! גיי נישט אַוועק!

אַ טרער האָט זיך אַרויסגעקײַקלט פֿון פּימעס אויג. די טרער האָט געפֿויזעט איבער דער באַק, ווי עפּעס אַ לעבעדיקע באַשעפֿעניש. דאָס קינד האָט געקוקט אויף דעם, ווי אַ פֿאַרקישעפֿטס. דער טאַטע וויינט גאָר?.. פֿיר יאָר לעבט ער שוין אויף דער וועלט, ער האָט קיינמאָל ניט געזען, אַז דער טאַטע זאָל וויינען...

— הע... הע... הע... — האָט ער עפּעס געוואָלט זאָגן דעם טאַטן און ניט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט.
פון דעמלט אָן האָט ארקע אופגעהערט צו ריידן. אָנשטרענגענדיק זיך אזוי, אז דאָס פּענעמל פלעגט זיך אָנגיסן מיט בלוט, האָט ער געקאָנט קוים בלויז אויסהיקען „הע, הע, הע...“. דריי יאָר האָט ארקע זיך געלערנט ריידן און אפן פערטן — פארגעסן. און דאָס איז געווען פאר דינען דער צווייטער שוידערלעכער קלאַפּ.

## 5

אליין א דאָקטער, האָט דינע ניט פארשטאַנען, וואָס האָט געטראָפן מיט ארקען. עמעס, זי איז געווען א טעראַפּעווט, ס׳הייסט, צוערשט האָט זי זיך געלערנט אף כירורגיע, אָבער אינגיכן האָט זי זיך איבערצייגט, אז זי וועט ניט זיין אימשטאַנד צו שניידן מענטשיש פלייש, איז זי אריבערגעגאַנגען אף טעראַפּיע. אָבער דאָס, וואָס עס האָט געטראָפן מיט ארקעלען, האָט קיין שום שייכעס ניט נישט צו כירורגיע, ניט צו טעראַפּיע. דינע האָט געפירט דאָס קינד צו אנדערע דאָקטוירים, אָבער אָן דערפאָלג. איינער האָט געזאָגט, אז דאָס איז א רעזולטאַט פון אן איבערשרעק, דער צווייטער — אז ס׳איז א ספּעציפישע נערוון־קראַנקהייט, דער דריטער... און דינע, די דערשלאָגענע דינע, האָט גענומען היילן דאָס קינד ניט ווי א דאָקטער, נאָר ווי א מאַמע — זי האָט גענומען לערנען ארקען אפּסניי באַזונדערע טראָפּן און ווערטער.
אָבער אומזיסט. כוץ „הע־הע־הע“ האָט זי ניט געקאָנט זיך דערשלאָגן און די פארצווייפלטע פּרווי האָט זיך ווייטיקדיק פירגעוואָרפן, אז איבער ארקען האָט זי קימאַט פארגעסן פּימען, פון וועלכן זי האָט ניט באַקומען פאר דער גאַנצער צייט קיין שום יעדיעס — ווי אין וואַסער אריין.
„דינע, — פלעגט זי זיך שטראָפן, — מע דאַרף עפּעס טאָן...“ וואָס טאָן? ווען טאָן? צו וועמען זיך ווענדן? די „הויכע פענצטער“ שווייגן מיט א סאַקאָנעסדיקער שווייגעניש, און געוויינלעכע באַקאַנטע און אפילע געוועזענע פריינט גייען אריבער אף דעם אנטקעגנדיקן טראָטואַר, ווען זיי באַמערקן דיך אין שטאָט.
איינמאָל האָט זי זיך דערשלאָגן צו עפּעס א גרויסן שעף. באַם אריינגאַנג אין א גרויסער כוישעכדיקער געביידע — און די כוישעכדיקייט איז געווען ניט אזוי פון דער געביידע, ווי פון די מענטשן, וואָס זיינען אין איר געזעסן, — ווען דינע האָט דערלאַנגט דעם וועכטער די דורכלאָז־שיין און ער האָט שווייגנדיק זי דורכגעלאָזט און זי האָט זיך ארומגעזען אין א קלאַנגלאָזן הויף מיט א העט ווייט שטיקל הימל איבערן קאָפּ, האָט דינע זיך שטאַרק דערשראָקן: אריינלאָזן האָט מען זי אַהער אריינגעלאָזט, אָבער וועט מען זי פונדאַנען ארויסלאָזן? א גרויל האָט ארומגעכאַפּט איר גאַנצן וועזן. ניט פאר זיך האָט זי זיך

אזוי דערשראָקן, ווי פאר ארקעלען. וואָס וועט זײַן מיט אים, אויב... דעריבער האָט זי באשלאָסן זײַן וואָס געלאסענער מיט "זיי". זי איז גרייט זיך דערנידעריקן, צעטרעטן מיט די אייגענע פיס איר ווירדע, אבי צו דערוויסן זיך וועגן פימעס גורל.

דער שעף איז געווען העפלעך, אפילע מיטפילנדיק. א פונק פון האָפענונג האָט זיך אָנגעצונדן אין דינעס איבערגעשראָקן הארץ, ווען ער האָט זי געדולדיק אויסגעהערט און גלײַך ארויסגערופן דעם אויספאָרשער מיט דעם דאָסיע פון דעם בירגער גיטיס.

דער אויספאָרשער, א קליינוווּקסיקער מענטש מיט געלבלעכע שיטערע האָר, האָט געוואָרפן א שווערן בליק פון אונטער די אָנגעכמורעטע ברעמען אף דער בלייכער פרוי. ער האָט צעעפנט די פאפקע און שווײַגנדיק אוועקגעלייגט פאר די אויגן פון דעם שעף, און ער, דער שעף, האָט גענומען אפגיך בלעטערן די פּראָטאָקאָלן און לייענען קלוימערשט מיט אכט, אָבער א שורע איבער צוויי. מיטאמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און, ניט לייענענדיק ווײַטער, האָט ער געזאָגט דינען מיט א פאָרוווּרף:

— בירגערן גיטיס! קיין אומשולדיקע נעמען מיר ניט. איך האָב דאָס אפריִער געוווּסט. אָבער פונדעסטוועגן וויל איך, אז איר זאָלט זיך אליין אין דעם איבערצײַגן. אָט הערט אליין, וואָס אײַער מאן האָט געשריבן: "צי וועסטו מיר ברענגען א גרוס פון מײַנע ברידער אין ציִען, פון מײַנע ווײַטע און נאָענטע ברידער?.."

דינע האָט זיך א ריס געטאָן פונעם אָרט.

— אָבער דאָס איז דאָך...

דער שעף האָט זי איבערגעשלאָגן מיט א הערשערישן שוווּנג פון דער האנט.

— הערט ווײַטער! "צי ווייסט איר ווי פיל מײַנע סאָנים דאָ זײַנען? ווי פיל מײַנע פײַנט די פארהאסטע?.." איר הערט, בירגערן גיטיס! ער, דער מאן אײַערער, אפעלירט צו זײַנע ווײַטע און נאָענטע ברידער פון ציִען, און קלאָגט זיך אף די פיל פארהאסטע סאָנים בא אונדז אין ראטנפארבאנד!.. נו, וואָס וועט איר אצינד זאָגן?

דינע האָט אף א רעגע פארגעסן איר ווייטיק. ס'איז איר פּאָשעט געווען לעכערלעך. אָבער זי האָט זיך געכאפּט, אָפּגעווישט מיט דער דלאָניע דעם שמייכל פונעם פּאָנעם און אויסגערעדט וואָס מער געלאסענער:

— ערשטנס, האָט ניט מײַן מאן דאָס געשריבן, נאָר א פּאָעט, וואָס זײַן נאָמען איז ביאליק...

— וואָס פאר א כילעק, ווער ס'האָט געשריבן! דער איקער, וואָס גיטיס האָט געהאלטן אזא אנטיסאָוועטישע ליטעראטור און נאָך געראטעוועט זי פון פײַער...

דינע האָט געדולדיק געוואַרט, ביז דער שעף וועט פארענדיקן זײַנע שטראָף־רייד, און פאָרגעזעצט נאָך געלאסענער:

— ...צווייטנס, האָט דאָס ביאליק געשריבן עפּשער מיט פופציק יאָר צוריק, ווען ס'איז נאָך ניט געווען קיין ראטנמאכט...

— אָבער געהאַלטן האָט דאָס אײַער מאַן איצטער און נישט מיט פופציק יאָר צוריק! — איז דער צאָרן באַם שעף, װעלכער האָט מיסטאַמע קײנמאָל נישט געהערט ניט װעגן ביאַליקן, ניט װעגן זײַנע לידער, אַלץ געװאַקסן. און דינע, נאָך געלאַסענער און געדולדיקער:

— ...דריטנס, הײסט די ליד "צום פײגעלע". דער דיכטער באַגריסט אַ װאַנדער־פײגעלע, װאָס האָט זיך אומגעקערט אום פֿרילינג פון די װאַרעמע לענדער צום דיכטערס פענצטער...

דאָס געדולד פון דעם שעף האָט אָפּאָנעם געפּלאַצט. ער האָט זי איבערגעשלאָגן מיט אַ שטרענגן אױסרוף:

— װסיאָ יאַסנאָ, גראַזשדאַנקאָ![1]

און צוגעגעבן:

— איר זענט פרײַ! װעגן דעם גורל פון אײַער מאַן װעלן מיר אײַך געבן צו װיסן שפּעטער.

דינע האָט זיך קױם אױפגעהױבן פון עם בענקל. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אױגן. זי האָט געזוכט אין רענצל איר נאָזטיכעלע און פאַרגעסן, אַז זי האָט עס צונױפגעמיאַטשעט אין איר לינקער האַנט. זי האָט אױסגעװישט די טרערן מיטן אַרבל פון איר קאָפּטל און אױפגעהױבן אירע אױגן אױפן שעף, װעלכער האָט אײַליק אַראָפּגעכאַפּט דאָס טרײַבל פון דעם טעלעפאָן און געװוּנטן ערגעץ קלינגען. דער אױספאָרשער האָט איבערגעכאַזערט דעם שעפס װערטער:

— בירגערין גיטיס! גײט, איר זײַט פרײַ.

װען דער אױספאָרשער איז אַרױסגעגאַנגען, האָט דער שעף אַ װאָרף געטאָן דאָס טרײַבל אױפן הײבער און געזאָגט דינען אױף אַ געהאַרגעטן ייִדיש:

— פאָלגט מעך. זיכט נישט אײַער מאַן. ר'װעט סײַװוי אים ניט געפינען. פאַרפאַלן. פּרוּװט אונהײבן אַ נײַ לעבן.

אַ רעגע איז דינע געשטאַנען װי געפּלעפּט. די הענט מיט די איבערגעפלאָכטענע פינגער האָבן געציטערט.

— איר זײַט אַ ייִד? כ'בעט אײַך, העלפט מיר...

ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, אױפגעעפנט זי, איבערצײַגט זיך, אַז דער אױספאָרשער שטײט ניט אונטער דער טיר, און געזאָגט:

— כ'קען אַך ניט העלפן. כ'קען זיך אַלײן נישט העלפן...

עס האָבן זיך דערהערט גיכע טריט. האָט ער צוגעגעבן הױך, אױף רוסיש:

— װאַס װסיאָ יאַסנאָ? איזװיניטיע, יאַ ספּעשו.[2]

װען דינע איז אַרױס פון דער דאָזיקער מױרעדיק־שטילער געבײַדע, האָט זי אינסטינקטיװ פאַרגיכערט אירע טריט, און בעשאַסמײַסע אײַנגעטײַנעט מיט עמעצן: "פאַרװאָס האָט ער געזאָגט: "זיכט נישט אײַער מאַן. ר'װעט סײַװוי אים ניט געפינען"? פאַרװאָס האָט ער געזאָגט: "דעם גורל פון אײַער מאַן"? עפּעס אַן אײמעדיק װאָרט — "גורל".

[1] אַלץ איז קלאָר, בירגערין! (רוס.)
[2] אײַך איז אַלץ קלאָר? אַנטשולדיקט, איך אײַל זיך (רוס.)

און וואָס האָט עס דען צו טאָן? ניט דער גירל, נאָר מענטשן, מענטשן האָבן אָוועקגעריבט איר פּימען. לעבעדיקע מענטשן, וועלכע וואָלטן געדאַרפט האָבן ערגעץ אין זיך וואַרעמע הערצער און ריינעם געוויסן".
אַקעגן איר גייט עפּעס א פרוי און קוקט אף איר מיט מאָדנע אויגן. דינע פאַרשעמט זיך. "די פרוי קאָן נאָך מיינען, אַז איך בין אַ צעדרייטע — כ'שפּאַן און כ'רעד מיט זיך אַליין, און מאַך מיט די הענט ווי הינדע די סעדעכע..." — טוט אַ קלער דינע און לאָזט אַראָפּ מאַכטלאָז די הענט. און אויב הינדע די סעדעכע — שווימט גלייך אוף אין איר זיקאָרן גאַנץ קאַלינאָווקע, און זי פאַרבאַהאַלט זיך אונטער אירע פליגל, ווי אונטער אַ מאָקעם־מיקלעט. נאָך וואָס האָט זי געדאַרפט דעם פּרעכטיקן זינדיקן קיִעוו? צי איז איר דען געווען שלעכט אין דער קליינער קאַלינאָווקע?
קאַלינאָווקע, קאַלינאָווקע... האַלב שטעטל, האַלב דאָרף. און דורך ביידע העלפטן גייט דורך ווי אַ גראָדע ווירע דער געבענטשטער שאָסיי. מיט וואָס איז ער געבענטשט? דאָרטן איז טאָמיד טרוקן, אפילו אום האַרבסט. רופט מען אים — שפּאַציר־שאָסיי. פון פרייטיקצונאַכטס און ביז מויצע־שאַבעס און אפילו ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעגן דאָרטן שפּאַצירן מיידלעך און באָכערים, און ניט זעלטן טאַטעס און מאַמעס מיט זייערע קינדערלעך. שפּאַצירט מען, און מע שפּאַסט, און מע קוועלט אָן, און מ'איז מעסאַמייעך איינער דעם צווייטן, ווײַל איינער דעם צווייטן קען ווי זיך אַליין. און פאַרוואָס זאָל מען טאַקע ניט שעפּן קעגנזײַטיקן נאַכעס? אין די טיפענישן פונעם האַרצן האָט מען געפילט, אָבער ניט אויסגערעדט, אַז אויב עס זײַנען יאָ אויסגעפאַלן עטלעכע ווילדע יאָרן צווישן געוועזענע פּאָגראָמען און קומענדיקע פאַשיסטישע גרוילן, איז זאָלן מיר זיך צוזאַט אָנפּרייען, אָנלאַכן, אָנשעפּן נאַכעס פון קינדער, פון ליבע, פון הימל, פון שטערן, פון לעבן אין פרידן, ווען די וועלט איז אַ וועלט, און מענטשן זײַנען מענטשן.
פּימע, און איבערהויפּט דינע, האָבן דאָפּקע בעסער ליב געהאַט די צווייטע העלפט קאַלינאָווקע, דאָס דאָרף. ניט נאָר דערפאַר, וואָס די לופט איז דאָרטן געווען פרישער, די ביימער גרעדיכטער, דער הימל העכער, די שטערן העלער, און ניט ווײַט פלעגט אַ טײַכל זיך אַליין פאַרשלעפּערן מיט אַ ריטמישן געמורמל. פּאָשעט — ליבע האָט ליב, אַז דער אַרום זאָל זײַן גרין און שטיל, אַניט ווערט פאַרטויבט איר שוואַכע שעמעוודיקע שטים. עמעס, פּימע האָט געהאַט נאָך איין טאַם. ער איז געווען אַ קאַפּעלע נידעריקער פון דינען, פלעגט ער זיך סטאַרען אויסמײַדן צו שטופּן זיך דאָרטן, ווו ס'איז פאַראַן אַ גרויסער אוילעם. דינע איז דעמלט נאָך געווען דין און שלאַנק — איצטער, נאָך דעם קימפּעט, איז זי געוואָרן פולבלעכער.
שטייענדיק באַם ברעג פונעם טײַכל, האָבן זיי זיך געדאַנקלעך געזעגנט מיט דעם. מיטאַמאָל כאַפּט זיך דינע:
— ס'איז דען אַ געזעגעניש? מע דאַרף זיך אַרומאַרמען מיט זײַנע וואַסערן און צעקושן זיך.
און זי נעמט זיך אויסטאָן.

פּימע איז ניט אַנציקט פֿון דינעס אײַנפֿאַל. ווער באָדט זיך באַנאַכט? און ביפֿראַט וואָס ער איז אַ קליינער שווימער. אָבער דינעס לײַב שימערירט צווישן די דורכזיכטיקע שפּריץ־טראָפּנס, שימערירט און מאַניעט אים. וואַרפֿט ער גיך אַראָפּ פֿון זיך זײַנע קליידער און שפּרינגט אַראָפּ אין וואַסער, וואָס איז מעכײַעדיק וואַרעם, און ער האָט געמיינט, אַז זי מוז זײַן קאַלט. איצטער שווימען זיי איינער אַקעגן דעם אַנדערן ביז דער אָפּשטאַנד צווישן זיי ווערט אַזוי נאָענט, זיי קאָנען זיך נעמען פֿאַר די הענט, און די צוגעטראַכטע געזעגעניש מיטן טײַך זעט אויס אַזוי: מיט צוויי פּאָר הענט נעמען זיי אַרום די וואַסער, וואָס צווישן זיי, נאָכדעם טוקן זיי אײַן זייערע קעפּ און זיי כאַפּן מיט די ליפּן די אָפּשײַן־פּלאַטערלעך פֿון דער לעוואָנע־ליכט און קושן זיי מיט אײַנגעזויגענע קושן ביז זיי פֿאַרכלינען זיך. מאָרגן פֿאָרן זיי אַוועק קיין קיִעוו.

## 6

**ד**ינע האָט געהאַט ספּייקעס: צי דאַרף זי דערציילן אירע פֿרײַנט אַף דער אַרבעט, וואָס ס׳איז געשען מיט איר מאַן און מיט איר קינד. מיסטאָמע, — קלערט זי, — איז בעסער ניט צו דערציילן. צווישן אירע קאָלעגן זײַנען פֿאַראַן אויך אומפֿרײַנט. און אַפֿילע די פֿרײַנט — וואָס דאַרף זי זיי אויספֿרוּוון און עפּשער שטעלן אין געפֿאַר?..

אָבער שוין אַפֿן דריטן טאָג נאָך יענע מוירעדיקע געשעענישן, ווען זי איז געקוּמען צו לויפֿן אַ פֿאַרסאָפּעטע אין פּאָליקליניק — דער פֿאַראָם האָט פֿאַרשפּעטיקט, — האָט זי, ניט קוקנדיק אַף איר פֿאַרדײַגעטקײַט, באַמערקט, אַז אָט איינער, אָט אַ צווייטער וואַרפֿט אַף איר מאָדנע בליקן. ווער — מיטפֿילנדיקע און ווער — פּאָשעטע נײַגעריקע. הייסט עס, אַז זיי ווייסן שוין עפּעס, הייסט עס, אַז זי האָט שוין ניט וואָס אָנצוּווערן. און ביפֿראַט, וואָס דער ווייטיק איז געווען אַזוי גרויס, אַזוי שווער, אַז איינער אַליין איז איר געווען אומעגלעך אים איבערטראָגן. פּאָשעט אומעגלעך! זי האָט געפֿילט, אַז אָט־אָט וועט זי זיך אײַנברעכן. און וואָס וועט זײַן מיט אַרקען?

איינמאָל האָט זי זיך אַרײַנגעכאַפּט אין קאַבינעט פֿון דעם אָקוליסט, צו וויקטאָריע סאַוועליעוונען, ווען יענע האָט שוין פֿאַרענדיקט דעם אויפֿנאַם, געשטאַנען באַם פֿענצטער און זאָרגזאַם געפּודערט אירע פּעטלעכע באַקן.

— וויטאַ! — האָט דינע שטיל דורכגעפּליסטערט, גלײַך עמעצער וואָלט זי אונטערגעהערט פֿון יענער זײַט אָפֿענעם פֿענצטער, — איך מוז דיר עפּעס דערציילן.

וויקטאָריע סאַוועליעוונע איז געווען אַ גוטמוטיקע פֿרוי. זי איז געווען עלטער פֿון דינען בלויז אַף אַ פּאָר יאָר, דאָס פּאָנעם איז

געוועןן נאָך יונג און שיין, נאָר שוין א ביסל צעפלאָסן. מאכמעס איר גוטמוטיקײַט און א קאפּ גראָבקײַט און צעכראסטעטקײַט האָט דינע זי ליב געהאט און געכאווערט זיך מיט איר מערער ווי מיט אנדערע.
ניט אופהערנדיק צו פודערן איר פארשוויצטע נאָז, האָט וויטע רויִק געענטפערט:
— איך ווייס, וואָס דו ווילסט מיר דערציילן.
עטלעכע רעגעס האָט דינע, שווײַגנדיק, געגלאָצט אירע אויגן אף איר בעסטער כאווערטע, וואָס קוקט אפילע ניט אין איר זײַט, נאָר פודערט זאָרגזאם איר נאָז. ענדלעך האָט זיך בא איר ארויסגעריסן:
— וואָס זשע שווײַגסטו?
וויקטאָריע סאוועליעוונע האָט איצטער געפארבט אירע ליפּן, גרינג א לעק געטאָן זיי מיט דער צונג און געשוויגן. דינע האָט פארצווייפלט איבערגעכאזערט:
— פארוואָס זשע שווײַגט איר אלע?
ערשט איצט האָט וויטע געכאפּט א שארפן קוק אף דינען.
— ווייסט ניט פארוואָס? ווײַל מיר זײַנען אלע פאכדאָנים.
דינע האָט זיך גענומען ברעכן די פינגער, ווי איר מאמע פלעגט דאָס טאָן אין אזעלכע סאקאָנעסדיקע פאלן, ווען מ׳איז געזעסן אונטער פארשלאָסענע און פאריגלטע טירן, צוהערנדיק זיך מיט שרעק, מיט א פארטײַעטן אָטעם צו די גוואלדן אין שכיינישע הײַזער. וויקטאָריע סאוועליעוונע האָט פארשלאָסן, פאריגלט איר הארץ און הערט זיך אפילע ניט צו מיט שרעק, מיט א פארטײַעטן אָטעם צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אין דעם צעבראָכענעם הארצן פון איר בעסטער כאווערטע. ניט־ווילנדיק האָט בא דינען זיך ארויסגעריסן, איצט הויך, פארײַעשט, ניט לייגנדיק קיין אכט אפן אָפּענעם פענצטער:
— וואָס זשע זאָל איך טאָן?
וויטע האָט געכאפּט דאָס רענצל אין דער האנט, אויסגערופן קורץ און גראָבלעך:
— גאָרנישט, פארפאלן. האָב כאסענע.
אָבער אופכאפּנדיק דינעס שארפן בליק, האָט זי צוגעגעבן:
— טאקע צוליב ארקען. ער דארף האָבן א טאטן.
און גלײַך אויסגערופן:
— גיי שוין. איך דארף נאָך עפּעס דאָ אָפּטאָן.
— ווילסט ניט ארויסגיין צוזאמען מיט מיר? — האָט דינע מיט ביטל געפרעגט. — האָסט מוירע?
וויקטאָריע סאוועליעוונע האָט זיך צעבייזערט.
— כ׳האָב דיר דאָך געזאָגט, אז מיר זײַנען אלע פאכדאָנים. אנדערש וואָלטן מיר ניט געשוויגן. און דער, וואָס שטייט אין סאמע שפּיץ, ווייסט עס אויסגעצייכנט. אין דעם באשטייט דאָך זײַן אויבערהאנט.
וויטע האָט אפגיך צוגעטוליעט צוויי פינגער צו די ליפּן און געזאָגט זיך אליין:
— שא, פלאפלערן! — און צוגעגעבן: — פאר דיר, דינע, האָב איך ניט מוירע. אָבער די ווענט האָבן אויערן.

דערנאָך האָט זי ארומגענומען דינען און געזאָגט איר דורך פלוצעמדיקע טרערן:

— דו מיינסט אוואדע, אז כ'האָב א שטיינערן הארץ? כ'האָב מוירע, דינעלע. כ'האָב מוירע פאר מײַנע צוויי קינדערלעך. און פאר מײַן מאַן אויך. איך בין שוין אלט און גראָב, און קיין צווייטן מאַן וועל איך שוין ניט קריגן. און דו זעסט אויס נאָך יונג און שיין, דארפסטו...

טרערן זײַנען בעשעפע געדונען פון ווײַטעס אויגן... זי האָט זיי אפגיך אויסגעווישט און גענומען אפסנײַ פודערן די באַקן.

דינע שטייט אפן ברעג, ווארט אפן פאראָם, צײַטנווײַז פארלירט זי דעם כעזשבן פון דער צײַט. זי דרויבלט זיך, די צײַט, אף שטיקלעך, און די שטיקלעך באהעפטן זיך אין עפעס א מאָדנע געשטוקעוועטע וואָרהײַט. אף ווען ווארט זי? אף פימען. און ניט דער מאיעסטעטישער דניעפער קײַקלט זײַנע גרויע כוואליעס פאר אירע אויגן, נאָר דאָס שטילע מילד טײַכל פון קאלינאָווקע, וואָס איז אזוי קליין, אז עס האָט אפילע ניט זויכע געוועגן צו פארמאָגן זײַן אייגענעם נאָמען. זיי האָבן זיך געבאָדן אניוועסדיק, שעמעוודיק, — ער אין איין עק טײַך, זי אין צווייטן. זי האָט שוין באוויזן זיך אָפּגעלויסקען אין טײַכל צוזאַט און שוין ארויס אף א גרין בערגל, אָפּגעטרייסלט פון איר אָפּגעבדוינט לײַב די טראָפּנס וואסער, אויסגעטאָן דעם באָד־קאָסטיום און צעשפרייט אים אפן גראָז, אז די הייסע זון זאָל אים אויסטריקענען, אָנגעטאָן א לײַכט קלייד אָן ארבל, און איצטער ווארט זי אף פימען. און ער פארזאמט זיך. ער שווימט ניט פויגלדיק און די פראָצעדור פון באָדן באקומט זיך בא אים פארלאנגזאמט. עפעס באציט ער זיך צו דעם דאָזיקן פאָשעטן איניען צו ערנסט, צו פאָרזיכטיק און אויסגערעכנט. ווען זי לאכט אים אויס, ענטפערט ער איר מיט צוגעטראכטע פערזן:

דער טײַך איז קליין,<br>
נאָר גרויס און גיריק איז<br>
זײַן וואסער־גײַסט —<br>
ער פאָדערט אלע יאָר<br>
א יונגן קאָרבן...

דינע הערט ניט אוף אים אויסלאכן, אָבער זי מוז אנערקענען, אז פימע איז טאקע גערעכט — אין דעם־אָ נישטיק טײַכל ווערט עמעצער דערטרונקען קימאט יעדער יאָר, הויפּטזאכלעך א קינד, א יונגיטשקער קאָרבן פאר דעם גרויזאמען וואסער־גײַסט.

איצטער שטייט דינע אפן ברעג, ווארט אפן פאראָם, קוקט מיט ווייטיקדיקן אומגעדולד אין דער בײַנהאשמאָשעסדיקער ווײַט, און עס ווײַזט זיך איר אויס, אז אָט אזוי שטייט זי דאָס גאנצע לעבן אירס און ווארט און קאָן זיך ניט דערווארטן אף עפעס א מײַסעדיקן פאראָם...

און די שטיקלעך געפלאצטע צײַט הערן ניט אוף צו כוואליען זיך און בילדן אויס אלעמאָל א נײַעם לײַוונט, א געשטוקעוועטער פון פארגאנגענהײַט און קעגנווארט. בעט זי גאָט, ווי איר מאמע בא

ליכט־בענטשן, נאָר טוט אָבער באַלד א קלער און מוסערט זיך אויס. גאָט... זאַבאָבאָנעס... דו ביסט דאָך א דאָקטער און געבילדעטער מענטש! זאָגט זי זיך: גוט. וואָס דאַרפן מיר זיך קריגן? ס'איז מיר אַזוי אויך ביטער, אוי, ביטער... וועל איך בעטן ניט גאָט, נאָר דעם גוירל: מאַך אַזוי, גוירעלע, אַז די צײַט זאָל זיך א קער טאָן אויף צוריק, און צוזאַמען מיט אים וועל איך זיך אומקערן קיין קאַלינאָווקע און פאַרבלײַבן דאָרטן ביזן טויט...

ביז וועמענס טויט? דײַנעם? צי פון קאַלינאָווקע?

דינע ווערט דערציטערט. זי פאַרגעסט אין קאַלינאָווקע, ווײַל אין מויעך רײַסט זיך אַרײַן א נײַע סטראַשידלע.

ניין, ס'איז ניט קיין סטראַשידלע, ס'איז א מענטש. אויב מע מעג אים גלייבן, איז ער אפילו א קראַנקער מענטש, און אויב אַזוי, דאַרף מען צו אים זיך באַציִען מיט באַרעמהאַרציקײַט.

ער האָט זיך אַרײַנגעריסן צו איר אין קאַבינעט, ווען דאָרטן איז געזעסן א האַלב־אויסגעטאָנענע פרוי, א פּאַציִענטקע, וועלכע דינע האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט.

דינע האָט פאַרשטעלט די פרוי און געזאָגט דעם מאַנצבל, וועלכער איז שטורמיש אַרײַן:

— וואַרט צו אין קאָרידאָר. מע וועט אײַך אַרויסרופן.

דער מענטש האָט אָנגעשטעלט אויף איר די באָלעכעס מיט רויטע אָדערלעך און פרעך אויסגעשריגן:

— וויפל איז דער שיר צו וואַרטן! איך בין קראַנק און קאָן ניט וואַרטן!

— און די דאָזיקע פרוי איז דען געזונט? זי איז דאָך אויך קראַנק.

— ס'איז ניט מײַן אייסעק! איך קאָן מער ניט וואַרטן. איך בין א קראַנקער מענטש.

ניין, ער איז ניט געווען ענלעך אויף א סאַקאָנעסדיק שלאָפן מענטשן, וואָס אָט־אָט גיט ער אָפּ גאָט די נעשאָמע, פונדעסטוועגן זאָגט זי אים געלאַסן, טאַקע נאָר ווי א רופא צו א כוילע:

— זײַט אַזוי גוט, גייט אַרויס. כ'וועל אײַך גלײַך אַרויסרופן, ווי נאָר די פרוי וועט זיך אָנטאָן.

דער מענטש, וואָס אַלע זײַנע אייוורים זײַנען געווען מעגושעמדיק גרויס און גראָב, און איבער דעם האָט ער אויסגעזען טעמפּ, ווי א קלאָץ, מיט אויגן, אויך גרויסע, און א רויט־אָנגעצונדענע נאָז, איז פונדעסטוועגן ניט געווען אַזוי טעמפּ, אַז ער זאָל ניט דערפילן, אַז די דאָזיקע "דאָקטערשע" איז א פּאָלעכליווע ווײַבערשע נעשאָמע, און דאָס איז געווען פאַר אים ווי געוווּנטשן. ער האָט דורכגעבורטשעט עפּעס א זידלוואָרט, קעדיי נאָך מער זי אָנשרעקן און איז אַרויסגעגאַנגען מיט א שטאַרקן קלאַפּ מיט דער טיר.

ווי נאָר די פרוי איז אַרויסגעגאַנגען, איז ער גלײַך אַרײַן אין קאַבינעט. דינע באַריסאָוונע האָט אים אויסגעהערט, באַטראַכט, געפּרווּוט דעם דויפעק, אַלץ אָפּגעטאָן גיך און שווײַגנדיק, דעם קאָפּ א ביסל אין א זײַט, ווײַל פון דעם דאָזיקן "קלאָץ" האָט געשלאָגן מיט אַזא

סאמאָהאָן־איפּעש, אַז דער קאָפּ האָט זיך באַ איר שיר ניט פאַרדרייט. פונדעסטוועגן האָט זי אים איידל געזאָגט:

— איר זײַט, דאַנקען גאָט, געזונט און שטאַרק.

דער מאַנצבל האָט זיך צעווילדעוועט:

— וואָס הייסט "געזונט און שטאַרק", אויב אַלע ביינער ברעכן מיר! איר זענט אַזאַ דאָקטער, ווי איך בין אַ גאַלעך!

דינע האָט זיך אײַנגעהאַלטן מיט אַלע קויכעס, טראַכטנדיק דערבײַ, אַז ווען אַף איר אָרט וואָלט געווען וויקטאָריע סאַוועליעווונע וואָלט זי מיט טראַסק אַרויסגעטריבן דעם דאָזיקן גראָבן כוצפּעניק. זי איז אָבער ניט וויקטאָריע סאַוועליעוונע. מוז זי זײַן אײַנגעהאַלטן.

— דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן זע איך אַ פּאַציִענט, וואָס איז אומצופרידן, ווען מע זאָגט אים, אַז ער איז געזונט און שטאַרק.

דער "קלאָץ" האָט אויסגעגלאָצט אַף דינען זײַנע רויטע באַלעכעס און האָט אַ זאָג געטאָן, ניט פאַרטראַכטנדיק זיך אַפילע, אַז ער רעדט מיט אַ דאָקטער:

— עפּשער וואָלט איך געווען צופרידן. אָבער איך דאַרף האָבן אַ ביולעטען, אויב ניט, וועט מען מיך אַרויסטרײַבן פון דער אַרבעט.

דינע איז געווען געפּלעפּט מיט דער ניט־פאַרשטעלטער כוצפּע פון דעם דאָזיקן "קלאָץ". זי האָט קוים אַרויסגערעדט:

— ווי קאָן איך אײַך געבן אַ ביולעטען, אויב איר זענט געזונט?

— אַזוי זאָלט איר זײַן געזונט, ווי איך! — האָט זיך צעשריגן דער שיקאָרניק. — איר זענט אַזאַ דאָקטער, ווי איך בין...

ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש און אויסגעשריגן:

— איר זענט ניט אונדזער דאָקטער. איר זײַט ניט קיין סאָוועטישער דאָקטער. איר זײַט אַ שעדיקערן, אַ סוינעטע פונעם פאָלק. איר זײַט...

דינע האָט געמוזט אַנטלויפן פונעם קאַבינעט. זי האָט זיך אָופגעהויבן אַפן דריטן שטאָק צום פאַרוואַלטער פון דער אָפּטיילונג. ער האָט זי צעשטרייט אויסגעהערט און דורכגעמורמלט:

— וואָס זשע זײַט איר געקומען צו לויפן צו מיר? שוין זשע האָט איר אַליין ניט געקאָנט זיך ספּראַווען מיט דעם דאָזיקן שיקערן כוליגאַן? "אוי, קושנירוק, — טוט דינע אַ קלער מיט אַ ביטערן שמייכל, וואַרטנדיק אַפן פאַראַם, — וואָס האָט מיט דיר געטראָפן? נאָך מיט אַ וואָך צוריק פלעגסטו מיר זאָגן קאָמפּלימענטן, און איצטער...

ער, קושנירוק, ווייסט שוין מיסטאַמע אויך. און דער "קלאָץ" ווייסט שוין אויך, אַנדערש וואָלט ער ניט געוואַגט מיר זאָגן, אַז איך בין ניט קיין סאָוועטישער דאָקטער...

דער פּאַכעד פירט דיך אַראָפּ פונעם זינען, דינע. צו גרויסע אויגן באַ דײַן פּאַכעד. האָסט זיך דערשראָקן אַפילע פאַר אַ וויסטן שיקער. פונוואַנען זאָל ער וויסן? ווער טיילט זיך דען מיט אים? ער קען זי, דינען, אָבער ניט פּימען...

מיטאַמאָל באַווײַזט זיך פונדערווײַטנס דער פאַראַם. אָבער דאָס פרייט ניט דינעס נעשאָמע, ווי נעכטן אָדער אייערנעכטן. זי האָט שוין פײַנט באַקומען טרוכאַנאָוו־אָסטראָוו מיט דעם געדונגענעם צימערל, מיט דער

קליינוווּקסיקער גראָבער באַלעבאָסטע, וואָס זעט אויס נאָך קלענער, ווי זי איז, איבער איר מעגושעמדיקייט, זי האָט זיך אָבער שטאַרק ליב, היט זיך אָפּ און שלאָפט אויפן גאַנצן טאָג זומער און ווינטער, אײַנגעפּעלצט אין זיבן פּעלצן, צוליב דער פרישער לופט... אָבער קיריל? וואָס קיריל? עפּעס א ניט באַשטימטע פּערזענלעכקייט מיט א מילד שמייכעלע, וואָס שטענדיק שפּיגלט ער זיך אין די בלישטשענדיקע כראָמאָווע שטיוול מיט הויכע כאַליעוועס... אָבער וואָס עמעס איז עמעס. ער איז דער איינציקער, וואָס האָט זיך ניט אָפּגעקערט פון איר. ער איז ניט קיין פּאַכדן. ער כאַפּט זיך צו איר אַרײַן קימאַט יעדן אָוונט, און אַלעמאָל פאַרענטפערט ער זיך מיט זײַן שטענדיק שמייכעלע:

— אויף איין מינוט. אונטערוועגס. ווי פילט איר זיך, טײַערע?

די "איין מינוט" פלעגט זיך היפּש פאַרציִען. אָבער זי איז אים געווען דאַנקבאַר, וואָס אויך דאָ איז ער געווען דער איינציקער, וואָס פלעגט זי ניט טרייסטן. ער פלעגט בלויז זאָגן א פּאָר ווערטער, ס'הייסט, מונטער־ווערטער אויף יויצע זײַן:

— אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג, טײַערע מײַנע. יעפים סאַמוילאָוויטש וועט אײַנגיכן קומען.

און באַלד נאָך דעם נעמט ער זיך דערציילן די נײַסטע אַנעקדאָטן.

איינמאָל, נאָך דעם, וואָס זי האָט פאַרוויגט אַרקען, האָט קיריל זי פּלוצעם אַרומגענומען פעסט צוגעדריקט צו זיך און א קוש געטאָן אין די ליפּן. דינע האָט אים מיט קויעך אָפּגעשטויסן און אַרויסגעטריבן. און ער — גלײַך ווי גאָרניט, שמייכלט. ערשט איצט האָט דינע זיך אָנגעשטויסן, פאַרוואָס איז איר טאָמיד געווען אַזוי דערווידער זײַן שמייכל — וואָס ברייטער ער איז, אַלץ בוילעטער אַנטבלויזן זיך זײַנע שטאַרצנדיקע אויגנציין.

אַלץ איז איר דאָ נימעס געוואָרן. זי וואָלט עפּשער זיך ניט אומגעקערט צו דעם אויסגעלאָשענעם היימפײַער. אָבער אַרקעלע? וואָס טוט מען מיט דעם אומגליקלעך קינד?

לעבן איר שטייט א פּאָרל, א מיידל און א באָכער. זיי שטייען האַלב אַרומגעאַרעמט און קושן זיך ביגנייווע. דינע איז זיי מעקאַנע מיט א גוטוויליקער קינע. קושט אײַך, קושט אײַך, און זײַט געבענטשט! דוכט זיך, אַז דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס איז נאָר פאַרבליבן אין אונדזער גרויזאַם לעבן.

אַלע זײַנען שוין אַרויף אויף דעם פּאַראָם און יענע קושן זיך נאָך. שוין אין דער לעצטער רעגע, ווען דער פּאַראָם האָט זיך א ריר געטאָן פונעם אָרט, האָט זיך דער באָכער מיטאַמאָל אַרויסגעריסן פון דעם מיידלס אָרעמס און א שפּרונג געטאָן אויפן פּאַראָם. ער האָט זיך אָבער א שטרויכל געטאָן, אַנידערגעפאַלן און די אָפּגעזעצטע רוים צווישן דער וואַסער און דעם הימל האָט דורכגעשניטן א צעפּאַלאָכעטער מיידלשער קוויטש. דער באָכער איז אָבער גלײַך אויפגעשפּרונגען אויף שטאַרקע שמײַדיקע פיס און גלײַך ווי גאָרניט ברייט זיך צעשמייכלט און א מאַך געטאָן איר מיט דער האַנט. דאָס מיידל האָט מיט איין האַנט אויסגעווישט א טרער און מיט דער צווייטער האַסטיק און פריידיק

א פּאַכע געטאָן. דער פּאַראַם, א גרויסער, אַן אומגעלומפּערטער, ווי עפּעס א הילצערנער לעוויאַסן, האָט פון לאנג שוין אָפּגעשיפּלט און פאמעלעך געבאָרעט זיך שוין ווייַט אינמיטן דניעפּער, נאָר דאָס פּאָרל האָט נאָך אַלץ פאַרגוזעצט צו פּאָכען מיט די הענט איינער צום צווייטן. דינען איז פּלוצעם געקומען אפן געדאנק — עפּשער דערפאר, וואָס זי האָט די גאנצע צייַט געטראכט וועגן איר פארשטומט געוואָרן קינד, — אז דאָס איז ניט קיין גלאטע הענט־פּאָכערייַ, נאָר א שטומער געשפּרעך פון פארליבטע, און יעדער האנט־שווּנג מוז עפּעס געווי באטייַטן. אשטייגער:

„איך וואַרט אף דיר“.

„ווען?“

„מאָרגן“.

„וויפל אזייגער?“

א שווּנג מיט ביידע הענט אינדערלופטן, מיט צעשפּרייטע פינגער, אף איינער — אַלע פינף, אף דער צווייטער — בלויז דרייַ:

„אכט אזייגער“.

„גוט. איך האָב דיך ליב“.

„אף ווידערזען, מייַן ליבע. איך האָב דיך אויך מעסוקן ליב“.

א שטום־לאָשן פאר געליבטע... און עפּשער זייַנען זיי טאקע טויב־שטומע? טויב צו אַלץ אף דער וועלט, כוץ ליבע. שטום אף אַלע שפּראכן, כוץ דער ליבע־שפּראך...

מיטאמאָל שנייַדט דורך איר פארמאטערטן מויעך א געדאנק. זי וועט לערנען אַרקען די דאָזיקע שטום־שפּראך. אין אונדזערע צייַטן איז דאָס די סאמע זיכערע, געפארלאָזע שפּראך. הייַנטיקע צייַטן טאָר מען ניט האָבן קיין לאנגע צונג. הייַנטיקע צייַטן טאָר מען ניט האָבן אפילע א נאָרמאלע צונג. און ווען אפילע דו וועסט זיך אָפּבייַסן א האלבע צונג, דראָט דיר נאָך אלציינס א סאקאָנע, אז די צווייטע האלבע זאָל זיך, כאָלילע, אמאָל ניט ארויסכאַפּן מיט א פארעטעריש וואָרט.

**(פאָרזעצונג קומט)**

## ראָכל מינצעס

(בוענאָס־אײַרעס, ארגענטינע)

### נאָר איין ליבע איז ניט שיין...

אלע ליבעס זײַנען שיין:
צו קינד, צו בלום, צו מאַן, צו קלאַנג. אלע ליבעס
— א געזאַנג, נאָר איין ליבע איז ניט שיין, די
ליבע צו זיך אליין.

אלע ליבעס האָבן שווּנג:
צו מענטש, צו פרייד, צו ווינט, צו מי.
ס׳גיט דערהויבונג, גלאַנץ און בלי,
נאָר איין ליבע איז מאט און קליין,
די ליבע צו זיך אליין!

### צי קען דאָס זײַן?

זאָג דעם פויגל, ער זאָל ניט זינגען,
זאָג דער זון, זי זאָל ניט שײַנען,
זאָג דעם ווינט, ער זאָל ניט בלאָזן
און דער טרער, זי זאָל ניט וויינען.

זאָג דעם פרילינג, ער זאָל ניט בלויען
און דער יוגנט, זי זאָל ניט ליבן,
זאָג דער מאַמען, זי זאָל ניט שפּינען
בלויע טרוימען בא דעם וויגל.

זאָג דער ווײַטקײַט, זי זאָל ניט לאָקן,
זאָג דעם יאַם, ער זאָל ניט ברומען
און דער נאַכט — ניט שפּרייטן סודעס,
זאָג דעם דיכטער, ער זאָל שטומען!

# איך בין די אייביקײַט...

אין מײַן בענקשאפט ליגן אײַנגעקריצט ווײַטע טריט פון דורעס,
און מײַן וואָרט הילט זיך אין אָטעם פון דורעסדיקע רייד,
איך בין אַן אויסגעצײַטיקטע זאנג פון נעכטיקע זוימען
און בין די זוים, וואָס מאָרגעדיקע פייערס פארגרייט.

אין מײַנע אָדערן שלענגלט זיך דער דורעסדיקער ציטער,
וואָס פון ווײַטער פינצטערניש פיבערט דורך דעם וועג צו דער שײַן,
און אין יעדן טראָט מײַנעם, וואָס אנטפלעקט פאר מיר א וועלט א נײַע
איך פיל דעם צאפל פון א פריִעו־דיקן זײַן.

איך בין א דורעסדיקער בוים מיט צוויי אָפענע אָרעמס,
איינעם, ווי צו א מאמען, צום נעכטן איך שפרייט,
דעם צווייטן, ווי צו א קינד, איך שטרעק אויס צום מאָרגן,
און פארגייענדיק, איך פארגיי ניט, איך לעב אין פרייד.

# מײַן יידישע שפּראך

דו ביסט ניט בעסער פון אנדערע שפּראכן,
ביסט אָבער אויך ניט ערגער פון ווי,
עס קען דײַן שפּילנדיקער אָרקעסטער
אלע ניואנסן פון ליכט און פון וויי.

מיט דיר כ׳בין געגאנגען צו בלאָע ווײַטן,
צום גרינעם געפילדער פון בלעטער אף בוים.
צו מענטשלעכער כאָכמע, צו ווירדע, צו כאָלעם,
צו וויסן, וואָס גרייכט שוין די טיפן פון רוים.

ניטאָ אזא סטרונע, אף איר זאָלסט ניט שפּילן,
ניטאָ אזא טאָן, וואָס זײַן זאָל דיר פרעמד.
דורך שאָטנס, דורך רויכן, מאפּאָלעס און זיגן
א דורעסדיק לעבן דו טראָגסט אף די הענט.

ניט בעסער, ניט ערגער פון אנדערע שפּראכן,
און כ׳קום ניט מעסטן, ניט גיין אין געוועט,
פאר מיר ביסטו דאָס, וואָס די מענטשן באדאַרפן,
די שפּראך, וואָס מײַן מאמע ביז איצט צו מיר רעדט.

# ליבע צום מענטש

**וו**אָרט מײַנס...
אָן בליץ,
אָן גלאַנץ,
ניט אויסגעפּוצט אין רייצנדיקע מאלבושים,
מײַן גאַנץ אַשירעס — מײַנע אָפענע כושים
צו אַלץ,
וואָס שיין, ערלעך, דערהויבן,
צו אַלץ,
וואָס ריין, מיט גלויבן,
דאָס איז מײַן רײַכטום, וואָס כ׳האָב דיר געגעבן:
ליבע צום מענטש
און
ליבע צום לעבן.
ניט קישעפּסט מיט זעלטענעם שאַרפזין,
מיט העלן
פּראַכט פון אימאַזשן,
וואָס שפּרודלען,
וואָס קוועלן:
דאָך האָסט דײַן ערלעך
פאַרמעגן —
ליבע צום מענטש
און
ליבע צום לעבן!
מײַן אייגענע טרער,
די טרער פון אַ צוויייטן.
מײַן אייגענע פרייד
און אַנדערנס פריידן,
ניט גייסט זיי פאַרבײַ —
זיי זײַנען דיר אייגן:
דער שמייכל פון קינד,
קלאַנג
און קאָלירן,
די ווערט פון בלוט,
הונגער בא טירן,
די אַלע זיסע
און ביטערע טײַמים —
דאָס שטײַגן פון מענטש,
די טרער פון אַ מאַמען —
האָסט זיי געזאַמלט
און ס׳איז דײַן פאַרמעגן —
ליבע צום מענטש
און
ליבע צום לעבן.

## מוישע נאטאן גרודזין
(מאָנטעווידעאָ, אורוגוויי)

# כ׳בענק נאָך א צײַט...

כ׳בענק נאָך א צײַט,
אָן פּײַן און אָן לייד —
כ׳זאָל קאָנען לידער זינגען
מיט פרייד.

כ׳שטרעב צו א וועלט, פול זון,
פרילינג הערשן זאָל אומעטום.
מענטש צו מענטש — קיין טײַנע נישט,
לענדער און פעלקער אויסגעמישט.

ס׳איז שווער דען שאפן א וועלט אזא,
ווו מ׳הערט ניט סאָלדאטישן בייזן "הור־ראו"
ווו געזאנג איז ווי זאטער פעלדער־שניט
און ווי פעלדער־פארזיי איז די ליד.

כ׳בענק נאָך א צײַט אזעלכער,
כ׳שטרעב צו א וועלט, אזעלכע
א לעבן לאנג מידן שמידן און בויען
דורך פּײַן און לייד אין וועגט אין גרויע.

# מיר דערמאָנען א פארגעסענעם דיכטער

כאַשעווע כאַווייריםו

ווי איר ווייסט, איז מוישע יודאָווין אין די ערשטע צוויי יאָרצענדליקער פונעם יאָרהונדערט געווען באוווסט אין דער יידישער ליטעראטור ווי א באגאבטער פּאָעט. שפּעטער איז ער אנשוויגן געוואָרן, און ליטוואקאָוו האָט מיט זיין שארפער צונג אים איראָניש אָנגערופן: "באָנציע שוויַיג".

ער איז געווען מיין שוועסטערקינד, כ'האָב געלעבט בא אים אין שטוב קימאט זעקס יאָר.

אופגעהערט צו שרייבן האָט ער ניט דערפאר, ווייל ער האָט פארלוירן די שעפערישע פּאָטענץ. די סיבע פון זיין "שוויַיגן" איז געווען א שווערע מאטעריעלע לאגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען (א באל מעטופל מיט קינדער, זיין פרוי האָט ניט געארבעט, זיי האָבן געלעבט אין א פייכטער, קאלטער דירע אָן צענטראלער באהייצונג). געארבעט האָט ער מיטן זיבעטן שווייס — אונטעריכט אין א מיטלשול און אין אָוונט־ארבפאק. אין דער מילכאָמע האָט ער פארלאָרן צוויי קינדער. אליין געווען אין אָפּאָלטשעניע.

ווען עס האָט אָנגעהויבן דערשיינען "סאָוועטיש היימלאנד", איז ער שוין געווען אף פענסיע. ער האָט געהאט בעדייע אקטיוו זיך נעמען פאר דער פען. מיר האָבן דעמלט ביידע געלעבט אין וויטעבסק און מיר פלעגן זיך אָפט באגעגענען. דעמלט האָט ער אָנגעשריבן צוויי לידער און זיי אָפּגעשיקט אין רעדאקציע. זיי זיינען אָבער ניט פארעפנטלעכט געוואָרן. אף יודאָווינען האָט דאָס שטארק געווירקט. איך האָב אים געראטן, ער זאָל צופאָרן קיין מאָסקווע זיך דורכשמועסן מיט דער רעדאקציע, נאָר ער האָט מיר געענטפערט, אז ער וועט ניט פאָרן.

לעצטנס האָב איך זיך געווענדט צו מוישעס טאָכטער, עפשער וועט זי געפינען א וועלכע־ניט־איז ליטעראַרישע יערושע פון איר טאַטן? זי האָט מיר געבראכט עטלעכע לידער, אָנגעשריבענע אין אָנפאנג פון די זעכציקער יאָרן.

דעם דרייסיקטן יאנוואר 1965 איז מוישע יודאָווין פון אונדז אוועק.

מיט אָפּשיי
לייב יודאָווין

## זיקאָרן

אין בליצנדיקע פלעקן דער עקראַן פון מײַן זיקאָרן,
און קלאַנגען טיף אין די געהירן אײַנגעגעסן,
עס העלפן ניט פאַרגאַנגענע פון דער מילכאָמע יאָרן —
ניט אויסצומעקן, ניט פאַרגעסן.

איך זוך ניט וווּ אַהינטאָן זיך פון צײַט פון יענער,
דערפאַר איז אַלץ אין מיר אַזוי אָף דער וואָך.
מיר דאַכט: איך הער נאָך איצטער אויך ווי אַ סירענע
פאַרכלינעט זיך מיט פּאַכעד אין דער נאַכט...

און אָט צעטראָגט זיך אינדערלופטן באַלד
אַ שטאַרקער רויש פון צענדליקער מאָטאָרן.
זיי רײַסן זיך אין שטאָט אַרײַן מיט גוואַלד
און זייען שרעק און טויט אין ווילדן צאָרן.

דער קורבן פון מײַן שטאָט — שוין טויטע פיל און פיל,
פאַרוווּנדעטע אַ סאַך מאָל מערער,
און יעדע נאַכט די זעלבע ווילדע שפּיל,
און וואָס אַ טאָג, אַלץ גרויזאַמער און שווערער.

איז וויפל דאַרף אַ שטאָט נאָך טעג אַזוינע,
אַז בלײַבן זאָל זי אין דורכויסיקע רויִנען,
און וויפל דאַרף מען סינע, האַס צום סוינע,
אַז מע זאָל האַלטן קאָפּ אין ניט אַראָפּ פון זינען?

## ווען ריין פון שווערע וואָלקנס איז דער הימל

ווען ריין פון שווערע וואָלקנס איז דער הימל
און זון אין בלויע ראַכוועס שטאַרקט זיך אין איר גאַנג,
איז ליב און ניכע דיר דער מענטשלעכער געווימל
מיט יעדן שאָרך און פּיפּס, מיט שטיפערישן קלאַנג.

וען שווארצע כמארעס דריקן ניט די אקסל
און האלטן ניט דײַן הארץ אונטערן פרעס,
דאן ווילט זיך צווישן מענטשן דיר א וואקס טאָן,
די האנט פון גאָרער וועלט א דריק טאָן פעסט.

## אין שלאָפלאָזע נעכט

עס האָבן די קוראנטן אָפגעשלאָגן צוועלף
און אָנגעזאָגט דער וועלט פון רו דעם נאכעס.
עס איז פון לאנגער נאכט אוועק שוין מערער פון א העלפט,
און צוגעקומען איז א כיילעק מיר פון אכדעס.

איך ווענד דעם מיטל אָן: ניט איינס, ניט צוויי, ניט דרײַ,
ביז אין די הויכע צענדליקער ארײַן
איך פלאָנטער שוין און הייב אָן ווידער פונדאָסנײַ,
און אײַנגעמאטערט שטארק איך שלאָף באלד אײַן.

דער שלאָף בא מענטשן עלטערע איז ניט אף לאנג,
ער ווערט גאנץ אָפט פארביטן מיט טרוימען אף דער וואך,
מיט דעם, וואָס איז געשען אמאָל — א העל געזאנג,
א כאָלעם פון א ווײַטער זומערדיקער נאכט.

און אזא ווײַטע פלוצלינג זי דערשײַנט,
און ביידע שרעקן זיך מיט דעם, וואָס רופט זיך צײַט,
דאָס ווײַטע, ווײַל אמאָל איז דאָס געווען הײַנט
דאָס נאָענטע, ווײַל מיט דער צײַט ס'וועט ווערן ווײַט.

דאָקטוירים ראטן ניט צו ניצן לומינאל,
פיל בעסער איז צו בײַקומען דעם שלאָף אליין.
וואָס זאָל מען טאָן, אז שטענדיק זאָל דײַן מויער בלײַבן ריין,
אז זיסקײַט זאָל ניט אָפגעבן מיט ביטערקײַט, מיט גאל.

## הארבסט

אריינגעכאפט האָט זיך א געלזוכט אין דעם פארק
און אינעם גאָרטן צו די ביימער זיך א נעם געטאָן.
דער זומער, ווי א יוירעד אויסגערעכנט, קארג,
קומט אָפ מיט קעפלעך קרויט און מיט אן עפל אן "אנטאָן".

אַט דאָס איז אים פון גרויסער מי אף היינט פארבליבן,
פון גאנצן זומערדיקן האָב־און־גוטס,
פון רייכן גאָרטנוואַרג אין שייערס איינגעקליבן,
פון דעם געבלעטער רוישיקן, פארסאמט מיט העלן בלוט.

איך גיי שוין ניט אין פוסטן פארק און גאָרטן,
מיך ציט אהין ניט מער קיין זאך.
ווי עמעץ וואָלט דערקלערט זיי פאר פארמאכט
און דעם אריינגאנג שטרענג פארבאָטן.

## האָט עס דען א זינען?

איך האָב היינט ווידער דאָ די טיר געלאָזן אָפן
און דערביי פון גאָרנישט ניט געטראכט.
'האָב גוט געוווּסט: אומזיסט דאָס האָפן,
און דאָך בין איך געווען ווי אף דער וואך.

שוין וויפל מאָל אזעלכעס איז געשען:
"קאָן זיין" און "עפשער" און אויך "טאָמער".
וואָלט עמעצער כאָטש נאָענט דאָ געווען.
פון צימער וואָלט ער אָנגעקוקט דעם נומער.

איז האָט עס דען א זינען ווארטן שאָענלאנג
מיט א פארכאפּטן אָטעם בא די שטאָרן,
און אָנגעשטרענגט זיך איינהערן אין יעדן קלאנג
פון גיכע טריט אף טרעפּ אין קאָרידאָרן.

און איר, אָ דרייסטע זין אף ברעגן פון דער סענע,
איר האָט דאָך פון די ערשטע פארזוכט דעם טאם
פון טעג און נעכט אין ציטער פון סירענעס,
פון שטאָט און דאָרף אין ברויזנדיקן פלאם.

צי האָט איר שוין פארגעסן יענע שווארצע טעג,
וואָס האָבן דעמלט איינגעוויקלט אייער ערד
אין נעץ פון טליִעס, אין אָסטראָגן אָן א ברעג
אין הארטן קלאנג פון שטאָל, אין קאלטן בלאנק פון שווערד.

נאָר אלעמאָל באוויַיזט איר ווער איר זיַיט.
אף וואָס איז פּעיִק אזא פאָלק א פריַיע,
פאַרוואָס זשע היַינט אַט שטייט איר אָן א זיַיט
און זעט ניט ווי עס רוקט זיך א געפאר א ניַיע.

ווי קען פון איַיך כאָטש איינער בליַיבן גליַיכגילטיק און קאלט,
ווען די געפאר אף יעדן טראָט טוט לויערן?
ווי קען מען אויסלעשן אין הארץ פון זון דעם לעצטן שטראל
ווען נאָענט איז דער סוינע בא די טויערן?

## שפּעטע טעג

שוין ציִען זיך די שאָטנס פון די דעכער
אין גאס אריַין, אלץ וויַיטער, לענגער,
און ברוינע וואָלקנס קליַיבן זיך אלץ העכער,
צו דער זון סיַי נעענטער און ענגער.

אָט די וואָלקנס זעען אויס ניט אף א רעגן
און זיי דראָען ניט מיט ווינטן אין מיט קעלט.
זיי ווילן נאָר מיט הארבסט די זון דערשרעקן:
— זיַי וויסן, אז דער זומער האָט שוין לאנג געפעלט.

## סאָף יאנוואר

אינגאנצן איז צום סאָף יאנוואר דער אינדערפרי
בלויז גרעסער אף א קנאפּער שאָ געוואָרן,
און ס'דאכט זיך, אז דער טאָג האָט זיך געטאָן א צי
און אויסגעוואקסן ווי א קינד ניט לויט די יאָרן.

פון פענצטער אף דער גאס שוין קלעפּט זיך אָט די נאכט
און צו די שויבן דאָרט א העלע בלויקיַיט דריקט.
דאָס האָט אין וויַיט א ווינקל הימל שוין דערוואכט
און איבער גאָרער ערד זיַין אָפּגלאנץ באלד צעשיקט.

און ס'גיסט זיך אָן דאָס הארץ מיט ווארעמקיַיט און כּיִעס,
און ס'ווילט זיך זיַין און לעבן, לעבן, לעבן,
און ס'ציִען שטראלן זיך פון אונטער דיַינע וויִעס,
דעם וואקסנדיקן טאָג א יאשערקויעך געבן.

## א כאָלעם

מיר דאכט, איך האָב פארלאָרן עפּעס זייער וויכטיקס,
דאָס לעבן איז אָן דעם — דורכויסיקער פארדראָס,
כ'וואָלט זוכן עס געפּרווּווט קאָלזמאַן ס'איז ליכטיק,
ווייס איך ניט — וואָס?

מיר דאכט, איך האָב פארלאָרן עפּעס זייער נייטיקס,
אָן דעם איז אלץ — אומזיסטע מי.
איך וואָלט געפּרווּווט זיך נעמען היילן אָט דעם ווייטיק
ווייס איך ניט — ווי?

מיר דאכט, איך האָב פארלאָרן עפּעס גאָר געהויבנס
און מיט דעם אווּדע אויך די רו.
ווען וואָלט איך אויסזוכן צוריק דעם גלויבן
ווייס איך ניט — ווו?

און וואָלט עס זײַן ניט מער ווי א געדאכטס א שווערער רײַען,
וואָס קומט מיט שרעק און גייט אוועק בעשאָלעם,
קאָן זײַן, איך וואָלט אף אלץ זיך גראָב אויסשפּײַען
ווי אף א בייזן כאָלעם.

## צו א פרוי

איך ווייס ניט, ווער פון אונדז איז מערער שולדיק,
א וועלכער ריכטער קאָן עס זאָגן פעסט?
צי איז דאָס דען אזוינס, וואָס נעם און מעסט.
וואָס וועג עס אויס אף שעלעכלעך געדולדיק?

אין אונדזער איניען, הארציקן אינטימען,
איז אומעגלעך צוניפשטעלן א גלײַכונג,
אָן ענטפער אויסבאקומען מיט א מערהײַט שטימען
און דאָס און יענץ אף זיכער אונטערשטרײַכן.

**מיכאיל קיטײַניק**

**קאנדידאט פון פילאָלאָגישע װיסנשאַפטן**

# װלאַדימיר סערגײעװיטש סאָלאָװיאָװ און פּײַװל בענצעלאָװיטש גנעץ

**א**ינעם באַװוּסטזײַן פון די מענטשן, װעלכע האָבן פּערזענלעך געקענט װל. ס. סאָלאָװיאָװן, אָדער זײַנען באַװירקט געװען פון זײַן מעכטיקן בונטאַרישן גײַסט, פלעג ער אױפקומען אַמאָל אַלס א „ריטער־מאָנאַך" און אַמאָל װי א מענטש, א געקומענער פון די ערשטע יאָרהונדערטער פונעם קריסטנטום, װען די רעליגיע האָט געװירקט א סאַך שטאַרקער אײדער אין XIX יה. דער באַװוּסטער שרײַבער און יוריסט װל. ד. ספּאַסאָװיטש האָט אין זײַן אַרטיקל „װל. סאָלאָװיאָװ אַלס פּובליציסט" אָפּגעמערקט: „מיט זײַנע העכסטע שטרעבונגען און האָפענונגען איז סאָלאָװיאָװ פאַרלאָפן פאָרױס אױף הונדערטער יאָרן און עס קאָן זײַן אױף טױזנטער יאָרן".

אױפגעװאַקסן, פּונקט װי זײַנע מיטדענקער־סלאַװיאַנאָפילן, אין דער היסטאָרישער נעסט פון דער גרױסרוסישער נאַציאָנאַליטעט, גע־יאַרשנט, פּונקט װי זײ, אַלע אירע מעסוירעס און הײליקײַטן, די הײסע ליבע צום הײמלאַנד, האָט אָבער סאָלאָװיאָװ, לױט די גװיִעס־אײדעס פון דער זעלבן װל. ד. ספּאַסאָװיטשן, אומבעראַכמאָנעסדיק אָפּגעװאָרפן דעם נאַציאָנאַליזם פון די שפּעטערדיקע סלאַװיאַנאָפילן. דער גרױסער קריסטלעכער פילאָסאָף האָט אָנגערופן דעם נאַציאָנאַליזם „זאָאָלאָגישער אָפּגאָט", „נאַציאָנאַלע קולאַקנטום", און אַפילע נאָך בײַסיקער, און האָט אומדערמידלעך איבערצײַגט די לײענער, אַז קײן אײן פאָלק קאָן ניט פאַרװירקלעכן זײַן באַרוף, לעבנדיק אָפּגעזונדערט אַלס זעלבסטבאַװוּגנדיקע גאַנצהײַט, ניט פילנדיק זיך פאַר א טײל פון דער אײנהײַטלעכער מענטשהײַט.

קײן אײן קריסטלעכער פילאָסאָף האָט ניט באַװיזן אַזױ איבער־צײַגעװדיק, מיט אַזאַ אײַנדרוקספולער קראַפט די סאָציאַל־פּאָליטישע און מאָראַלישע שעדלעכקײַט פונעם נאַציאָנאַליזם, װי סאָלאָװיאָװ, אין זײַנע װערק „די נאַציאָנאַלע פראַגע אין רוסלאַנד", „די באַרעכטיקונג פון גוטסקײַט", „די זינד פון רוסלאַנד". אין זײ איז אָנגעמערקט א גאַנצע פּראָגראַם פאַר דעם נאַציאָנאַלן װידערגעבורט פונעם לאַנד. אין דער ערשטער פון די דערמאָנטע אַרבעטן, לעמאָשל, לײענען מיר: „...די פירנדיקע מאָטיװן פאַר דער פּאָליטיק דאַרפן זײַן ניט אײגננוציקײַט און ניט נאַציאָנאַלע זעלבסטליבע, נאָר דער כּיװן און די פליכט. דער מאָראַלישער כּיװן פאָדערט פונעם פאָלק קוידעמקאָל, עס זאָל זיך אָפּזאָגן פון נאַציאָנאַלן עגאָיזם, גװיװער זײַן די

נאַציאָנאלע באגרענעצטקײַט, ארויסגיין פון דער אָפּגעזונדערטקײַט. דאָס פאָלק דארף זיך אנערקענען אלס אזעלכס, וואָס עס איז אינדערעמעסן, דה. בלויז אלס א טייל פון דער אלוועלטלעכער גאנצהײַט. עס דארף אנערקענען זײַן סאָלידאריטעט מיט אלע אנדערע לעבעדיקע טיילן פון דער דאָזיקער גאנצהײַט...״

די אקטיווע הומאנישע פּאָזיציע דרינגט דורך יעדעס זײַטל פון די ארטיקלען און ביכלעך פון סאָלאָוויאָוו איבער דער ייִדישער פראגע, וועלכע האָט זיך אים פאָרגעשטעלט אלס א ווילדער און אומגעלומפּערטער פּראָדוקט פון די דוירעסדיקע אָבערגלויבנס, פאָרורטײלן, בילבולים און רעכילעס מיצאד די יודאָפאָבן. אין דעם האָבן איבערצײַגט די פּילצאָליקע יעדיִעס בא פארשיידענע פעלקער וועגן די ייִדן, וועגן זייער רעאלן היסטאָרישן אָוואר און דעם רעאלן לעבן אין די באדינגונגען פון רוסלאנד. א סאך מערקווירדיקס האָט סאָלאָוויאָוו זיך דערוווּסט פון פּ. ב. געצן — דעם פּעדאגאָג און פּובליציסט, וועלכער האָט געדינט אלס ״געלערנטער ייִד״ באם ווילנער גענעראל־גובערנאטאָר.

סאָלאָוויאָוו און געץ האָבן זיך באקאנט אין 1879 יאָר. און סאָלאָוויאָוו האָט זיך קעסיידער אָנגעפרעגט בא זײַן נײַעם פרײַנט, וויאזוי ער האָט באוויזן אין טכום־האמויִשעוו דעראָבערן אזעלכע ברייטע הומאניטארע קענטענישן, אזוי טיף באהערשן שפּראכן פון פּיל אוראלטע און הײַנטצײַטיקע פעלקער, אָנזאמלען א ביבליאָטעק, ווו עס האָבן זיך געפונען די נייטיקע מאטעריאלן סײַ פאר אים, סאָלאָוויאָוון, סײַ פאר לעוו טאָלסטאָיען און אנדערע דענקער.

סאָלאָוויאָוו און געץ זײַנען געווען פארכאפּט מיט דער אידײ פון קרויוועשאפט צווישן דעם טאנאך און דעם עוואנגעליִום. ס'איז געווען נויטווענדיק צו באגרינדן די דאָזיקע אידײ, קעדײ זי זאָל ווערן א ווירקזאם מיטל פאר דערנעענטערן די אזוי אָפּגעפרעמדטע וועלטן פון יודאיִזם און קריסטנטום און אויפקלערן די פינצטערע אָבערגלויביקע מאסן, וועלכע האָבן זיך געהאלטן בײַס די ייִדישע פּאָגראָמען בא דער פאלש־פארשטאנענער עוואנגעלישער דער־ציילונג וועגן דעם טויט פון יעזוס קריסטוס.

סאָלאָוויאָוו איז געווען דער ערשטער, ווער עס האָט אין די רוסישע באדינגונגען ארויסגעזאָגט איבער דעם איניען דאָס אנטשיידנדיקע וואָרט. און דאָס וואָרט האָבן אונטערגעכאפּט די אָנגעזעענסטע קריסטלעכע פילאָסאָפן א. ראָזאנאָוו, ס. בולגאקאָוו, נ. בערדיאיעוו און פּיל גלויביקע טוער פון אונדזער קולטור. צוערשט אין דער לעקציע וועגן דער אלוועלטלעך־היסטאָרישער באדײַטונג פונעם יודאיִזם, וועלכע איז געלייענט געוואָרן אין 1882 יאָר אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט און אף די העכערע פרויען־קורסן, שפּעטער אין דער בראָשור ״דאָס ייִדנטום און די קריסטלעכע פראגע״, האָט וו. ס. סאָלאָוויאָוו מיט פּאָלעמישן גלאנץ, וועלכער איז אים געווען אייגנטימלעך, באוויזן: מיר זײַנען אָפּגעטיילט פון די ייִדן מאכמעס דעם, וואָס מיר אליין זײַנען נאָך **ניט פולשטענדיק קיין קריסטן**[1], און זיי טיילן זיך אָפּ פון אונדז מאכמעס דעם, וואָס זיי זײַנען ניט פולשטענדיק קיין יודייער, ווײַל דאָס פולשטענדיקע קריסטנטום נעמט ארום אויך דעם יודאיִזם, פּונקט ווי פולשטענדיקער יודאיִזם איז — קריסטנטום... ״...אליין קריסטוס איז לויט זײַן מוטער געווען א יודייער און דאָס קריסטנטום איז אנטשטאנען פונעם יודאיזם״ ״...זער

[1] אונטערגעשטראָכן פון וו. ס. סאָלאָוויאָוון.

בלוטדורשטיקער האמוין, וואָס האָט זיך פארזאמלט בא דער גאָלגאָפּע, איז באשטאנען פון יודייער, נאָר יודייער זייַנען אויך געווען יענע דרייַ טויזנט, און שפּעטער פינף טויזנט מענטשן, וועלכע האָבן זיך נאָך דער דראָשע פונעם אַפּאָסטאָל פּעטער געטויפט און פון זיי איז באשטאנען די ערשטע קריסטלעכע קירך".

מע האָט אויך באדארפט דעמאסקירן דעם מיף וועגן "טאלמוד" — דעם סייפער פון געזעצן פארן טאָגטעגלעכן לעבן פונעם יידישן פאָלק. די אנטיסעמיטן פון אלע לענדער און פון אלע מינים זעען אין אים אייַן א פארשווערונג פון די אלוועלטלעכע אידייען פון די עוואנגעליסטן, א קוואל פון רעליגיעזן פאנאטיזם. דער דאָזיקער בעפּיירעש פאלשער פאָרורטייל האָט געבראכט דעם יידנטום ניט ווייניקער פּלאָגן, איידער די טרויעריק פאלשע אויסטייַטשונג פון דער עוואנגעלישער מעסוירע וועגן דעם טויט פון יעזוס קריסטוס.

אין זייַן אויסגעצייכנט ווערק פון 1888 יאָר "טאלמוד" האָט סאָלאָוויאָוו דערמאָנט דער מענטשהייַט, אז יעזוס קריסטוס האָט אָסער ניט אָפּגעוואָרפן די לערע פון די הויפּט-שעפער פונעם טאלמוד — די פּירושים, ער האָט זיי בלויז געטאדלט אין זייַן בעסטער בארג-דראָשע פאר זייער פּאסיווקייַט אינעם אויספילן די אייגענע געזעצן. אין טאלמוד זייַנען ניט פאראן קיין שום ארויסזאָגונגען, וועלכע זאָלן ווידערשפּרעכן דער קריסטלעכער מאָראל, א סאך פון זיי זייַנען נאָענט צו די נייַ-טעסטאמענטלעכע. כּוץ דעם, איז די דאָמינירנדיקע פאָרם פון די עוואנגעלישע פּריידיקונגען געגליכן צו די טאלמודישע האגאדעטעס, — רעליגיעזע באלערנונגען און פּאָעטישע מעשאָלים, וועלכע באגלייטן דעם אינהאלט פון די גרונט-געזעצן אין טאלמוד. דעם דאָזיקן געדאנק וועגן דער ענלעכקייַט פון דער געזעצגעבונג אין טאלמוד און דער עוואנגעלישער מאָראל איליוסטרירט סאָלאָוויאָוו מיט אפאָריזמען פונעם טאלמוד:

דער ציל פון כאָכמע — זייַנען מייַסים-טויווים און די אויסבעסערונג פונעם לעבן; אלץ איז פאָרויסבאשטימט פונעם ריבוינעשעלוילעם, אָבער די האנדלונגען פונעם מענטשן זייַנען פרייַ. די וועלט פירט זיך מיט ווילטאט, און דעם ווילן פונעם מענטשן דערקענט מען אין דער צאָל פון זייַנע מייַסים-טויווים: ווער איז קלוגשאפטלעך? — דער, וואָס לערנט כאָכמע אויך בא אנדערע; ווער איז א גיבער? — דער, וואָס איז גיווער זייַנע לייַדנשאפטן; — ווער איז רייַך? — דער, וואָס באנוגנט זיך מיט זייַן פארמעגן; ווער איז ווערט קאָוועד? — דער, וואָס גיט אָפּ קאָוועד זייַנע נאָענטע; בעסער זייַן א פארפאָלגטער, איידער א פארפאָלגער, די טוגנט פון ווילטעטיקייַט איז לויט דער וויכטיקייַט געגליכן צו אלע טוגנטן אינײנעם גענומען אדג.

אינעם פינאל פון סאָלאָוויאָווס ווערק "טאלמוד", אין דעם מאָנאָלאָג פון דעם פארפאָלגטן און געפּלאָגטן יידן הערן מיר די שטים פונעם אווטאָר, וועלכער טרויערט איבער דעם גורל פון די יודייער. מיר הערן די אופגערעגטע, לייַדנשאפטלעכע דע-מאסקירונג פון דעם בייז, וואָס הערשט אין דער וועלט. פון די קריסטן — אָרטאָדאָקסן, וואָס האלטן אונטער און שאפן אליין צומאָל טראגישע פאר די יידן לעגענדעס, וועלכע פארקריפּלען און באנאליזירן דעם עוואנגעליום.

"מע זאָגט, אז די פּריידיקונג פון דעם עוואנגעליום האָט אָפּגעשאפן די ערגסטע פּלאָג פון דער אוראלטער וועלט — די קנעכטשאפט. אָן סאָפעק, אז די מאָראלישע אידיי פונעם קריסטנטום רייַסט אונטער די קנעכטשאפט, נאָר אין דער ווירקלעכקייַט האָט די שקלאפערייַ געדויערט אין פארשיידענע פאָרמען

אין מעשעך פון דער גאנצער צײַט, וואָס די קריסטלעכע אידייִ האָט געהערשט, און איז געווען ענדלעך אָפּגעשאַפן ערשט אין XVIII — XIX יאָרהונדערט, דה. אין דער עפּאָכע פון דער רעליגיעזער יערידע און דעם הערשנדיקן אפּיקאָרסעס...״

„איר טויט־טפילע צום גאָט פונעם עמעס און פון דער ליבע, אָבער דינען דינט איר צום גאָט פון קריעך און האצלאָכע, גראָד יענעם אייגעל־האזאָהאָוו״, אין נאָמען פון וועלכן איר באשולדיקט אונדז (די אומגערעכטיקייט פון אזא פאַרוואורף דעקט אוף טאקע איַיער קריסטלעכע ליטעראטור: אין איר איז דער טיפּישער דינער פונעם „גאָלדענעם קאלב״ ניט דער זשיד שיילאָק, נאָר דער קארגער ריטער). ווען די קריסטלעכע געזעלשאפט, אין וועלכער מיר, יידן, לעבן וואָלט ניט געשטעלט דאָס געלט העכער פון אלץ, וואָלטן מיר אויך ניט געהאט קיין סיבע זיך צו פארנעמען מיט געלט־איניאָנים. די „געלט־זשידאָווסטווע״ איז א פּראָדוקט פון איַיער ציוויליזאציע. ווען מיר זייַנען געווען זעלבשטענדיק, זייַנען מיר געווען בארימט מיט אונדזער רעליגיע און ניט מיט געלט, מיטן בייס־האמיקדעש און ניט מיט דער בירזשע. דאָס גוטע, וואָס איז אייגנטימלעך אונדזער נאטור, שטאמט פון אונדזער געזעצגעבער מוישע ראביינו, און דאָס ניט־גוטע אין אונדזער נאטור און אין לעבנשטייגער איז די פּרוכט פון אונדזער צופּאסונג צו יענער געזעלשאפט, אין וועלכער מיר האָבן געלעבט און לעבן איצט...״

דער מאַנאָלאָג פונעם איבערצײַגטן יודייער אין פינאל פונעם ווערק „טאלמוד״ אנטהאלט די זעלבע שארפע קריטיק פון דער ביזאנט־מאָסקווער פּראוואָסלאוויע, מיט וועלכער עס זייַנען פארפולט וו. ס. סאָלאָוויאָווס פיל וויסנשאפטלעכע ארבעטן. דאָס ווערק „טאלמוד״ האָט געהאט פונקט אזא גוירל, ווי זייַנע אנדערע ווערק — זיי האָבן דערזען די שייַן אין אויסלאנד. דער אווטאָר האָט מיט שטוינונג זיך דערוווּסט פון געצן ווענן דער פובליקאציע פון „טאלמוד״ אין זשורנאל „רוסקאיא מיסל״. דער אויבערפּראָקוראָר פונעם סינאָד פּאָבעדאָנאָסצעוו האָט געהאלטן, אז יעדע וויסנשאפטלעכע ארבעט פון סאָלאָוויאָוון איז שעדלעך פאר רוסלאנד און פאר דער פּראוואָסלאוויע. קעדיי באגרינדן דעם דאָזיקן שטאנדפונקט, האָט מען צעלאָזט פארשיידענע אויסטראכטעניש: הייַנט, קלוימערשט, איז ער געוואָרן א יעזויט, און מאָרגן וועט ער זיך מיסטאמע מאלע זייַן, הייַנט דינט ער דעם פּויפּסט און מאָרגן וועט ער מיסטאמע דינען די ראָטשילדן...

באהאנדלענדיק די צוויפגעשטעלטע מיצאד סאָלאָוויאָוון (1890 יאָר) „דעקלאראציע״ קעגן דעם אנטיסעמיטיזם אין רוסלאנד, שטרייַכט וו. ג. קאָראָלענקאָ אונטער, אז די יידישע פראגע קומט צו סאָלאָוויאָוון ניט פון קיין אויסערלעכע אומשטאנדן און ווירקונגען, נאָר פון דער טיף פון זייַנע אופריכטיקע קריסטלעכע איבערצייַגונגען. פאר אים איז דאָס קריסטנטום געווען א קוואל פון אבסאָליוטער מאָראל, און פון דעם האָט ער אויסגעפירט א ווונדערלעכע לויט דער קלאָרקייַט און פּאָשעטקייַט פאָרמולע ווענן דער יידישער פראגע: „אויב די יידן זייַנען אונדזערע סאָנים, דארף מען מיט זיי האנדלען לויטן קריסטלעכן געבאָט: האָט ליב אייַערע פייַנט. אויב זיי זייַנען ניט קיין סאָנים, דארף מען זיי דאָך ניט פארפאָלגן״.

וו. ג. קאָראָלענקאָ קומט צום אויספיר: „מענטשן, וואָס רעכענען זיך פאר אופריכטיק־גלויביקע קריסטן, דארפן מאסקים זייַן מיט די אויספירן פון סאָלאָוויאָוון, אָדער אנערקענען, אז דאָס קריסטנטום איז ניט אָנווענדבאר צו די ברייטע דערשייַנונגען פונעם

הײַנטצײַטיקן לעבן, ניט פֿעיִק צו באַשירעמען די געזעלשאַפֿט פֿון די אופֿרופֿן מיצאַד אומפּאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן צו סינע און נעקאָמע בענוגייע אַן אומשולדיק, פֿאַרפֿאָלגט פֿאָלק". קאָראָלענקאָ האָט אויך דערציילט וועגן דער טויטשרעק, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די רעטראָגראַדן־אַנטיסעמיטן, וועלכע האָבן, דערוויסנדיק זיך וועגן דער "דעקלאַראַציע", געוואָרפֿן אַ רוף: "דאָס פֿאָטערלאַנד איז אין געפֿאַר!" מיט שוואַרצע פֿאַרבן האָבן זיי געמאָלט די "קראַמאָלע". געקלאָגט זיך דער נאַטשאַלסטווע און זיך דערשלאָגן זייערס: ס'איז געקומען אַ צירקוליאַר פֿונעם אינערן־מיניסטעריום, וואָס האָט פֿאַרבאָטן צו דרוקן אין רוסלאַנד די "דעקלאַראַציע". זי איז (ווי עס ווײַזט אָן קאָראָלענקאָ) געווען פּובליקירט אין פּאַריזש און אין ווין, וווּ מע האָט באַדויערט די הערשנדיקע אין צאַרישן רוסלאַנד גרוילטאַטן.

מע דאַרף דערבײַ וויסן, אַז סאָלאָוויאָווס "דעקלאַראַציע" האָבן אונטערגעשריבן פֿיל אָנגעזעענע שרײַבער און געלערנטע, צווישן זיי לעוו ניקאָלײַעוויטש טאָלסטאָי.

די אויסגעצייכנטע מעמואַר־פֿאַרצייכענונגען פֿון קאָראָלענקאָן, די "דעקלאַראַציע" פֿון וו. ס. סאָלאָוויאָוון איז פּובליקירט אין סאָוועטישן זשורנאַל "אָקטיאַבער" (נומ. 5, 1984).

אונדז האָט זיך אײַנגעגעבן פֿעסטשטעלן, אַז קאָראָלענקאָס פֿאַרצייכענונג אַלס שוואַרץ־וואַריִאַנט האָט געוויס אַרײַנגעשלאָסן אין דער צווייטער אויסגאַבע פֿון זײַן בוך (אין 1902 יאָר) "וועגן דער באַציִונג פֿון וו. ס. סאָלאָוויאָוון, צו דער ייִדישער פֿראַגע". אין 1906 איז דער זעלבער שוואַרץ־וואַריִאַנט אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין דער בראָשור "וו. ס. סאָלאָוויאָוו. די ייִדישע פֿראַגע — די קריסטלעכע פֿראַגע" (וואַרשעווער פֿאַרלאַג "פּראַוודאַ"). אַזויאַרום, איז די

ענטלעכע פֿאַרורטיילונג פֿון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג באַוווּסט געוואָרן דער ברייטער לייענער־מאַסע פֿון רוסלאַנד.

עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז צוערשט האָט סאָלאָוויאָוו זיך געווענדט צו ל. טאָלסטאָיען מיט אַ ביטע צונויפֿשטעלן דעם טעקסט פֿון דער "דעקלאַראַציע". אויף דעם האָט טאָלסטאָי געענטפֿערט: "...איך ווייס פּונקטיִער, אַז אויב איר, וולאַדימיר סערגייעוויטש, וועט אויסדריקן דאָס, וואָס איר טראַכט וועגן דער דאָזיקער פֿראַגע, וועט איר אויסדריקן אויך מײַנע געדאַנקען און געפֿילן, מאַכמעס דער גרונט פֿון אונדזער ווידערגעפֿיל און עקל צו די מיטלען, וועלכע פֿאַרפֿאָלגן די ייִדישע נאַציע, איז איינער און דער זעלבער: דאָס אַנערקענען די ברידערלעכע פֿאַרבינדונג מיט אַלע פֿעלקער, און ביפֿראַט מיט די ייִדן, צווישן וועלכע עס איז געבוירן געוואָרן קריסטוס און וועלכע האָבן אַזויפֿיל געליטן און לײַדן ביז איצט פֿון דער געצנדינערישער אַמעראַצעס פֿון די אַזוי־גערופֿענע קריסטן..."

צוזעענדיק דעם פּראָצעס, ווי אַזוי עס פֿורעמט זיך אויס די "דעקלאַראַציע", האָט געץ געקאָנט, ווי קיינמאָל פֿריִער, דערפֿילן די גײַסטיקע דערהויבנקײַט פֿון יענער פּילצאָליקער רוסישער אינטעליגענץ, וועלכע האָט פֿאַרהאַסט דאָס דערנידעריקן און "אינאָראָדעץ", און אַנדערשגלויביקן און יענע, וואָס קעמפֿן מיט אַלע צוטריטלעכע קויכעס פֿאַר זייער סאָציִאַלער און נאַציִאָנאַלער גלײַכבאַרעכטיקונג. ווײַזט אויס, אַז פֿיל פֿון די, וואָס האָבן אונטערגעשריבן די "דעקלאַראַציע", האָבן געוווּסט וועגן דער פֿרײַנטשאַפֿט צווישן סאָלאָוויאָוון און געצן און האָבן אינאיינעם מיט זיי איבערגעלעבט די טראַגעדיע פֿון די שמאַכטנדיקע ייִדן אין געטאָ. נאָך דעם, ווי עס איז דורכגעפֿאַלן די פּובליקאַציע פֿון דער

"דעקלאראציע", האָט ל. נ. טאָלסטאָי געשריבן גענצן:

"איך באַדויער זייער, ליבער פּיִוול בענצעלאָוויטש, וואָס דער פאַרבאָט האָט אונדז געשטערט אָפּדרוקן דעם פּראָטעסט. עס קאָן זײַן, אַז ער וועט דערלעבן צו בעסערע צײַטן און וועט זיך צעוואקסן מיט נאָך מער אונטערשריפטן".

די "דעקלאראציע" האָט באַפרײַנדעט ל. נ. טאָלסטאָיען מיט גענצן, וועלכער האָט אין מעשעך פון א סאך יאָרן געשיקט אים ביכער, איבערהויפּט וועגן טאנאך און וועגן יידישער עטיק. טאָלסטאָי האָט אויך ארײַנגעקוקט אין די ביכער, וועלכע ס'האָט געשאפן אליין גענץ: "וועגן דעם כאראקטער און באַדײַטונג פון דער יידישער עטיק", "די רעליגיעזע פראגע בא די רוסישע יידן", "וואָס איז אזוינס דאָס יידנטום?", און ער האָט זיך מוידע געווען, אַז די און אנדערע ביכער האָט ער געלייענט ניט אָן נוץ.

אינעם בריוו פארן 22 נאָיאבער 1890 שרײַבט ל. נ. טאָלסטאָי צו גענצן:

"זייער אײַך דאנקבאר פאר די צוגעשיקטע ביכער. איך האָב זיי איבערגעלייענט און זיך א סאך פון זיי דערוווּסט, פאר מיר איז געווען א באפרידיקונג זיך צו דערוויסן, אַז די יידישע עטישע לערע איז א סאך העכער, איידער איך האָב זיך פּאָרגעשטעלט. די קריסטלעכע לערע שטעלט אײַן גלײַכהײַט און ברידערלעכקײַט צווישן אלע מענטשן, און דעריבער איז ניט קיין קריסטלעכער באגריף צו דערלאָזן, אַז בא אוועלכע־ניט־איז מענטשן פעלן די ווירטיקסטע מענטשלעכע אייגנשאפטן, וואָס בעסער דו פארשטייסט די מאָראלישע לערע פון אנדערע מענטשן אָדער פעלקער, אלץ פריידיקער איז דאָס פאר א קריסט. זייער דאנקבאר פאר די ביכער און כ'קער זיי אײַך אום.

ליבנדיקער אײַך טאָלסטאָי".

גענץ און סאָלאָוויאָוו האָבן געהאָפט, אז זיי וועלן באקומען א דערלויבערש צו פובליקירן די בריוו פון טאָלסטאָיען איבער דער יידישער פראגע. צוליב דעם האָבן זיי געבעטן אייניקע נאָענטע צו אים מענטשן זיי העלפן אין אָט דעם איניען. וויאזוי אזעלכע מענטשן האָבן זיי מיטגעפילט, קאָן מען זען פון נ. ס. לעסקאָווס בריוו צו טאָלסטאָיען (23 יאנואר 1891 יאָר):

"סאָלאָוויאָוו איז געווען בא מיר מיט זײַן לערער פון טאנאך גענץ. גענץ פרעגט מײַן מיינונג: צי וועט איר דערלויבן אָפּדרוקן צוויי פון אײַערע בריוו וועגן אנטיסעמיטיזם? איך האָב געזאָגט, אַז אין אײַער מוט און שרעקלאָזיקײַט צווייפל איך ניט, נאָר איך קאָן ניט זאָגן מײַן מיינונג און האלט, אַז ער דארף אליין בא אײַך פרעגן".

גענץ האָט זיך באנוצט מיט דער אייצע און האָט אינגיכן באקומען פון טאָלסטאָיען א בריוו (11 פעווראל 1891 יאָר), אין וועלכן ס'איז געזאָגט געוואָרן: "איך דערלויב אײַך פולקום צו דרוקן מײַנע בריוו, זײַענדיק זיכער אין דעם, אַז איר וועט זיי דרוקן, אויב ניט אינדערפול, איז אזוי, אַז דאָס, וואָס איר וועט דורכלאָזן, זאָל ניט ענדערן דעם טאָך פונעם גדאנק, וועלכן איך האָב געוואָלט אויסדריקן".

גענץ האָט געשריבן זײַן בוך אונטער דער אָנפירונג פון סאָלאָוויאָוון, וועלכער פלעגט פאר אים קריגן בריוו פון באוווּסטע רוסישע קולטור־טוער. אין דער אויבנדערמאָנטער מעמוארן־פארצייכענונג ברענגט קאָראָלענקאָ אזא פראגמענט פון סאָלאָוויאָווס א בריוו צו אים:

"איינער מײַנער א פרײַנט דרוקט א בוך איבער דער יידישער פראגע און האָט געבעטן מיך געוויר ווערן בא אײַך, צי איר וועט אים דערלויבן דרוקן יענעם בריוו יײַרן, וועלכן איר האָט מיר געשיקט, מיט אײַער

אונטערשריפט אונטער דער ליטעראַרישער מעלדונג, וועלכע איז אײַך באַוווּסט״ (געמיינט די ״דעקלאַראַציע״).

נאָך דעם, ווי געץ האָט באַקומען די דערלויבעניש צו דרוקן די בריוו פון טאָלסטאָיען, קאָראָלענקאָן און פון דעם באַוווּסטן פילאָסאָף און יוריסט ב. נ. טשיטשערינען, האָט סאָלאָוויאָוו געגעבן זײַן האסקאָמע אָנשרײַבן א פאָרוואָרט צו דעם בוך אין דער פאָרם פון אן אָפענעם בריוו צום אַוטאָר און האָט פאָרגעלייגט באַטיטלען דעם בוך אזוי: פ. ג. ״א וואָרט דעם באַשולדיקטן. מיט ניט־דערשינענע בריוו פון ל. נ. טאָלסטאָי, ב. נ. טשיטשערין, וו. ס. סאָלאָוויאָוו און וו. ג. קאָראָלענקאָ״. די קריפּטאָנימען ״פ. ג.״ האָבן געזאָלט באַהאַלטן דעם נאָמען פון דעם ווילנער פּעדאַגאָג און שרײַבער, וועלכער בונטעוועט שוין אין מעשך פון א צענדליק יאָר קעגן דער צעיושעטער פּראָפּאַגאַנדע פון די שוואַרצמייעניקעס און איז גוט באַקאַנט דער צאַרישער צענזור.

געצעס נײַ ווערק איז דערשינען אין 1891. קעדיי דעמאַסקירן יעטווידע פאַלשע באַשולדיקונג קעגן די ייִדן, זײַנען צונויפגענומען געוואָרן אַרויסזאָגונגען פון אָנגעזעענע רוסישע און מײַרעוו־אייראָפּעיִשע פּאָליטישע טוער, שריפטשטעלער, קירך־פּריידיקער, עקאָנאָמיסטן, סאָציִאָלאָגן, יוריסטן, עטנאָגראַפן, היסטאָ־ריקער. דער בוך איז געווען קאָנפיסקירט לויטן באַפעל פונעם אינערן־מיניסטער און איז גיך געוואָרן א ביבליִאָגראַפישע זעלטנהײַט. אפילע אין דער מעלוכישער ביבליִאָטעק אף לענינס נאָמען געפינט זיך בלויז איין צופעליק פאַרהיטער עקזעמפּליאַר.

געץ האָט ברייט אויסגענוצט סאָלאָוויאָווס אַנאַליז פון דער עוואַנגעלישער מעסוירע, קעדיי דער לייענער זאָל וויסן ווי ווילד און אומענטשלעך עס איז דער גוואַלדטאַט איבער א פאָלק, פון וועלכן עס שטאַמען די מאַדאָנע, יעזוס קריסטוס, די נעוויִים, די אַפּאָסטאָלן און דאָס קריסטנטום גופע. געצן האָבן געדינט אויך סאָלאָוויאָווס געדאַנקען וועגן דער אַלוועלטלעך־היסטאָרישער באַדײַטונג פון דער יודאיִשער עטיק. אינעם ״וואָרט דעם באַשולדיקטן״ האָבן זיי אָנגענומען א גלאָבאַלן כאַראַקטער אין קאָנטעקסט פון די מיינונגען וועגן דער דאָזיקער פראַגע מיצאַד אָנגעזעענע טוער פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך.

ביז גאָר וויכטיק איז די ציטירטע אין געצס בוך לײַדנשאַפטלעכע, באַגײַסטערטע דראָשע פונעם הייליקן ארציבישאָף ניקאַנאָר, וועלכע ער האָט געהאַלטן דעם 30 אַוגוסט 1889 אין נאָוואָראָסיִיסקער (הײַנט אָדעסער) אוניווערסיטעט. אין איר איז פעסטגעשטעלט אַלס אן עמעס־קריסטלעכע אזא אָנשויִנג אף דער לערע פון מוישע ראַביינו:

״אויב א וועלכע־ניט־איז וועלט־געוויִנים זײַנען געפירט געוואָרן מיצאַד דעם גײַסט פון גאָט, איז דאָס געווען, פאַרשטייט זיך, מוישע ראַביינו, וועלכן עס געהערט די ערשט־גרונטיקע ווירקונג אף די גוירלעס פון דער גאַנצער מענטשהײַט. ווּ איז איצט דער געזעץ פון ליקורגן? ווּ איז דער געזעץ פון סאָלאָנען? וואָס פאַר א ווירקונג האָבן אף דער אַנטוויקלונג פון דער היסטאָרישער אַלוועלט די געזעצן פון קאָנפוצי אָדער מאַנו? אָבער די געזעצן פון מוישע ראַביינו זײַנען געלייגט אַלס ברייטער גרונט פון דער גאַנצער קריסטלעכער לערע און פון אַלע קריסטלעכע געזעצגעבונגען, פון דער גאַנצער קריסטלעכער בירגערלעכקײַט. אויב קוקן אף אַלץ אפילע פון א ראַציִאָנעלן שטאַנדפּונקט, האָט יעזוס בלויז דערגאַנצט מוישעס געזעץ. דער טאַלמיד פון מוישע ראַביינו און פון קריסטוסן, דער אַפּאָסטאָל פּאַוועל,

אויך איינער פון די געווינים פון דער מענטשהײַט, האָט בלויז אראָפּגענומען דעם צודעק פון מוישעס געזעץ. מוישע איז געווען א געטלעכער געזעצגעבער, וואָס האָט אנטדעקט די יעסוידעס פונעם אלמענטשלעכן לעבן, מיט אירע גרונטיקע געבאָטן וועגן דער גרענעצלאָזער ליבע צו גאָט און וועגן דער ליבע צו אַן אנדער מענטשן פונקט ווי צו זיך אליין.

אויך דאָס אויבנגעזאָגטע איז אין איינקלאנג מיט די אידייען פון טאָלסטאָיען, פּרעוואלירן אין אנדערע ערטער פונעם "וואָרט דעם באשולדיקטן", די געדאנקען און אידייען פון וו. סאָלאָוויאָוון — דאָס פארורטיילן די אונטערהעצערישע באשולדיקונגען פון די אנטיסעמיטן אלס פארברעכן. גראָד וו. ס. סאָלאָוויאָוו, וועלכער האָט מיטגעפילט אייניקע אידייען פון דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראטיע, איז באשטאנען אף דעם, אז געץ זאָל אויסנוצן אין זײַן בוך די 6־טע פארצייכענונג פון די "ניט־פארענדיקטע שמועסן" פון מ. יע. סאלטיקאָוו־שטשעדרין. דאָרט איז צום ערשטן מאָל אין דער קינסטלערישער ליטעראטור מיט א שטארקער עמאָציאָנעלער קראפט אנטבלויזט געוואָרן די יודאָפאָבישע אויסטײַטשונג פון די עוואנגעלישע מעסוירעס וועגן דעם טויט פון יעזוס קריסטוס און פון דער ייִדישער פראגע איינגאנצן גענומען, וואָס איז געוואָרן א קוואל פון אומופהערלעכע ליידן פון דעם יידנטום. לאָמיר ברענגען כאָטש א טייל פון סאלטיקאָוו־שטשעדרינס פארצייכענונג, וועלכע איז ארײַן אין "וואָרט דעם באשולדיקטן".

"די געשיכטע האָט נאָך קיינמאָל ניט אָנגעצייכנט אף אירע טאָוולען א מער שווערע און פרעמדע דער מענטשלעכקײַט, א מער פײַנלעכע "פראגע", איידער די ייִדישע. די געשיכטע פון דער מענטשהײַט איז ביכלאל אַן אייביקער מארטיראָלאָג, און אין דער זעלבער צײַט האָט זי אויך ליכטיקע פעריאָדן. צווישן די מארטיראָלאָגן פארנעמען די ייִדן דאָס ערשטע אָרט, אין דער ספער פון ליכטיקע פעריאָדן שטייען זיי אין א זײַט, פונקט ווי די באשטראלטע פערספעקטיוון פון דער געשיכטע האָבן צו זיי קיין שײַכעס ניט. ניטאָ קיין מער הארצרײַסנדיקע טראגעדיע, ווי די אומענדלעכע פײַניקונגען, וואָס עס טראָגט איבער דאָס דאָזיקע פאָלק. אפילע די געשיכטע, וועלכע געפינט פאר די סאמע רעטענישפולע אָפּנייגן פון ליכט צו פינצטערניש אַן אנטשפּרעכלעכע אויסבעסערונג אין דעם ווײַטערדיקן געשיכטע־גאנג, — שטעלט זיך דאָ אָפּ אין אָנמאכט, פארכידעשט און געפּלעפט...

ניטאָ קיין מער אומענטשלעכס און אומזיניקס, ווי א מעסוירע, וואָס קריכט ארויס פון פינצטערע שפּאלט־טאָלן פון דעם ווײַטן אָוואר, דערגייט מיט אכזאָריִעס צו אידיִאָטישער זעלבסטצופרידנקײַט און טראָגט איבער פון דאָר צו דאָר שטעמפּלען פון שאנד, אָפּגעפרעמדטקײַט און האס. די פארשפרייטונג פון אומענטשלעכקײַט ווערט נאָך מער מאמאָשעסדיק, אויב זיך דערמאָנען, אז ס׳איז ניטאָ קיין זאך, וואָס זאָל זײַן א מער צוטריטלעכע איידער א מעסוירע, און איבער דעם באקומט זי פריִער פון אלץ א פארשפרייטונג צווישן האמוין, בא וועלכן עס דרייט זיך דער קאָפּ אונטערן יאָך פון אייגענע אומגליקן. ווען איך טראכט וועגן דער לאגע, וואָס די דוירעסדיקע מעסוירע האָט געשאפן, ווי זי פארפאָלגט דעם ייִדן אין אלע צײַטן און אף יעדן אָרט, דוכט זיך מיר, אז איך ריר זיך פון זינען. עס שטעלט זיך מיר פאָר, אז הינטער דער דאָזיקער לעגענדע ליגט א טיפער אָפּגרונט, אין אָנגעפולטער מיט זודיקער סמאָלע און דאָרט, אין

אָפּגרונט, אַגאָניזירן האָפּענונגסלאָז אַ
מאַסע מענטשן, בא וועלכע עס איז
אָפּגענומען אַלץ, אַפילע דאָס רעכט
אָף שטאַרבן...

קיין איין מענטש אין דער גאַנצער
וועלט וועט ניט קאָנען געפינען אין
זיך אַזויפיל שעפערישע קראַפט, ער
זאָל קאָנען פאָרשטעלן זיך אַליין אין
דער לאַגע פון דער דאָזיקער
אומענדלעכער אַגאָניע. אָבער דער
ייִד ווערט געבוירן אין איר און צוליב
איר. ניטאָ קיין רעטונג פון דער זודיקער
סמאָלע, ניטאָ קיין אַנדער
פּערספּעקטיוו, אַכוץ בלויז צו קריצן
מיט די ציין. וואָס דער ייִד זאָל ניט
אונטערנעמען, בלײַבט ער
סטיגמאַטיזירט: ווערט ער אַ קריסט
— איז ער אַ מעשומעד, בלײַבט
ער אַ יודייער — איז ער אַ
שטינקענדיקער הונט. קאָן מען זיך
דען פאָרשטעלן אַ מאַטערניש אַ מער
זינלאָזע און אומפאַרשעמטע?"

אין די אָנמערקונגען צו די "ניט־
פּאַרענדיקטע שמועסן" אינעם 15־טן
באַנד פון דער 20־בענדיקער
"געזאַמלטע ווערק פון סאַלטיקאָוו־
שטשעדרינען" דערציילט זיך, מיט
וועלכער רישעס עס האָט זיך
אַרופגעוואָרפן אָפן גרויסן סאַטיריקער
די רעאַקציאָנער־נאַציאָנאַליסטישע
פּרעסע, באַשולדיקנדיק אים אין
פאַרשוועכן דעם הייליקן עוואַנגעליום.
אין דער זעלבער צײַט האָבן די
פאַרצייכענונגען אַרויסגערופן אַ
באַגײַסטערונג אין די דעמאָקראַטישע
קרײַזן, ווו זיי זײַנען געוווען אויפגענומען
ווי איינס פון די בעסטע ווערק פונעם
שרײַבער.

נאָך מער, איידער סאַלטיקאָוו־
שטשעדרין, האָט זיך אָנגעליטן פון
דער שוואַרצמייעדיקער פּרעסע
וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו. מע האָט אים
באַשולדיקט אין יודאָפילסטווע, בייס
אים איז פרעמד געווען סײַ
יודאָפילסטווע, סײַ יודאָפאָבסטווע
אָבער דער גוירל פונעם ייִדישן פאָלק
אינטערעסירט אים אין דער העכסטער
מאָס ווי אַ קריסט, ווי אַ סלאַוו. ווי
אַ קריסט אַנערקענט ער, אַז דער
"ווינקלשטיין פון דער אַלוועלטלעכער
קירך איז גענומען געוואָרן אין בייס־
ייִסראָעל". און ווי אַ סלאַוו קאָן ער
ניט פאַרטראָגן, וואָס בענוגייע דעם
ייִדנטום ווערט צעטראָטן די
גערעכטיקייט.

אין דעם פאָרוואָרט צו געצס בוך
האָט סאָלאָוויאָוו באַוויזן די פאַלשקייט
פון די באַהויפּטונגען, אַז די ייִדן
פאַרנעמען זיך מיט עקספּלואַטאַציע
פונעם רוסישן פאָלק און פאַרשפּרייטן
שיקרעס צווישן די פאָלקסמאַסן אין
רוסלאַנד. אין דעם פאַל רופט
סאָלאָוויאָוו פאַר אַן איידעס דעם
קאָריפיי פון דער "נאַציאָנאַלער
פּאָליטיק" מ. ק. קאַטקאָוו, וועלכער
האָט זיך גאַנץ סקעפּטיש באַצויגן צו
אָט דעם בילבל, האַגאַם ער האָט
ניט געפילט צו די ייִדן קיין שום
סימפּאַטיעס. דער ציל פון דעם, וואָס
סאָלאָוויאָוו ציטירט ברייט קאַטקאָוון,
איז קלאָר: אים קאָן מען דאָך ניט
באַשולדיקן אין ליבעראַליזם, אין וועלן
זיך אײַנקויפן בא די ייִדן. אין "אַ
וואָרט דעם באַשולדיקטן" לייענען מיר
אַזעלכע אַרויסזאָגונגען פון מ.
קאַטקאָוון: "ניט אין מאָסקווער, ניט
אין טולער, ניט אין ריאַזאַנער און
ניט אין אַנדערע גובערניעס איז ניטאָ
קיין איין ייִדישער שענקער. די
"זשידעס־שינקאַרעס" זײַנען פאַראַן
בלויז אין די דניעפּער־גובערניעס. נאָר
פרעגט בא די, וואָס זײַנען ווירקלעך
באַהאַוונט, ווו עס ווערט מער
בעדאַלעס דאָס פאָלק און דער פויער,
אין קאָוונער גובערניע, אין ווילנער,
אין וואָלינער, אין פּאָדאָליער, אין
קיעווער אָדער אין אַנדערע ערטער,
וווּהין קיין ייִדן לאָזט מען ביכלאַל
ניט אַרײַן און ווו אין קאַבאַק
אָרודוועט אַ פּראַוואָסלאַוונער
ווײַנשענקער אָדער אַ קולאַק? די
שיקרעס אין די מײַרעוו־געגנטן איז

אנטוויקלט ניט נאָר מערער, נאָר א סאך וויניקער, איידער אין דעם איבעריקן טייל פון רוסלאנד, און דער פויער לעבט דאָרט פארהעלטניסמעסיק ניט ערגער, נאָר בעסער. אין די מײַרעוו־געגנטן הערשט טאקע א שרעקלעכע אָרעמקײַט, אָבער דאָס איז ניט די פויערישע אָרעמקײַט, נאָר די ייִדישע".

אין ווײַטער ברענגט סאָלאָוויאָוו די גוויִעס־איידעס פון ב. נ. טשיטשערינען, א מענטש, וואָס ווייסט דעם דאָזיקן אינינען פון אלע זײַטן. ער שטייט נאָענט צום פאָלקס־לעבן און איז ווײַט פון אגיטאציע און אינטריגעס. ער האָט געשריבן צו סאָלאָוויאָוון: "...אין פראקטישן זין קאָן איך זאָגן לויט דער אייגענער דערפארונג, אז פארוואלטנדיק אין מעשעך פון 20 יאָר מיט צוויי גיטער, איינע אין טאמבאָווער גובערניע, ווו ס'איז ניט פאראן קיין איין ייִד, און די אנדערע אין פּאָלטאווער, ווו ס'איז פול מיט ייִדן, זע איך, אז אין דער צווייטער גובערניע זײַנען די פויערים רײַכער און זעלבשטענדיקער... ביכלאל באמערק איך מיט טרויער, אז מײַנע לאנדסלײַט שטייען ניט אפן שטאנדפונקט פון קריסטלעכער ליבע צו די נאָענטע, נאָר אף א שטאנדפונקט א בארבארישן. די אנטיסעמיטישע באוועגונג שטעלט מיט זיך פאָר די שאנד פון אונדזער צײַט. טײַער וואָלט איך באצאָלט, ס'זאָל אָפּגעוואשן ווערן פון מײַן פאָטערלאנד דער דאָזיקער פלעק".

אין דעם אויבנדערמאָנטן, פאָרוואָרט צו געצס בוך באַרירט סאָלאָוויאָוו צוויי באַזונדערס אגרעסיווע אנטיסעמיטישע צײַטונגען "גראזש־דאנין" און "נאָוואָיע וורעמיא". די מאטעריאלן פון די דאָזיקע צײַטונגען, זײַנען געצילט געווען אף א רוישיקער קאמפּאניע פון פּאָליטישן טאָלק. און זיי האָבן געזאָלט פאָרשטעלן די ייִדן אלס סאָנים פונעם פאָטערלאנד. אין איינעם אן ארטיקל פון "נאָוואָיע וורעמיא" מיט א שרײַענדיק קעפּל "דער ייִד באם טויער" אנטוויקלט אן אנאָנימער אווטאָר זײַן גרענעצלאָזע פאנטאזיע: אָט, אויב ראָטשילד וועט ווערן הערשער איבער אונדזער נאפט־קיניגרײַך און אָנשארן מיליארדן, באקומען די מאכט איבער דער וועלט, — צי וועט דאן די רוסישע געזעלשאפט ניט פארלירן איר געוויסן?..

סאָלאָוויאָוו לייגט פאָר אין דעם ארײַנפיר־וואָרט א מעטאָדיק, וויאזוי פאָרשן די ייִדישע פראגע. אף די אנטיסעמיטן ווארפט אָן א טויטשרעק די אָביעקטיווע, עמעסדיקע אינפאָרמאציע וועגן דעם פאָטערלענדישן ייִדנטום. כאָטש ס'איז זייער לײַכט אזא אינפאָרמאציע באקומען, מאכמעס די ייִדן לעבן אין טכום־האמוישעוו. פארגלײַכנדיק אונטערן צייכן פון סאָציאל־עקאָנאָמישע באציִונגען די ערטער, ווו ייִדן וווינען א לאנגע צײַט, מיט די ערטער, ווו מע לאָזט ניט, ס'זאָלן וווינען דאָרט ייִדן, קאָן מען מיט זיכערקײַט באשטימען, וואָס די ייִדן טראָגן נעמלעך ארײַן אינעם לעבן און אין שטייגער פון דער ארומיקער באפעלקערונג.

געץ האָט מיט גרויס דערפאָלג רעאליזירט די אָנווײַזונגען פון זײַן לערער. ווײַטער ברענגען מיר עטלעכע אויסצוגן.

פון דעם II קאפּיטל "א וואָרט דעם באשולדיקטן".

די אנטיסעמיטן זאָגן צו די ייִדן: בלויז א ריין־רוסישער מענטש קאָן ווערן א פולבארעכטיקטער בירגער פון רוסלאנד. בלויז ער, זאָגן זיי, האָט ליב רוסלאנד מיט דער עכטער ליבע פון א זון. נאָר אין וועלכן געזעץ־בוך איז געשריבן, אז דאָס אנערקענען די רעכט פאר עמעצן איז פארבונדן מיט זײַן ליבע? יעדערער האָט ליב זײַן היימלאנד פונקט ווי זײַן געליבטע, זײַנע עלטערן און זײַנע קינדער, בלויז

אף זײַן שטייגער. קיין אלגעמיינע מאָס פאר ליבע איז נאָך ניט דערפונדן. די מעלוכע און די רעגירונג נייטיקן זיך ניט בלויז אין א פלאטאָנישער ליבע צום היימלאנד, נאָר אויך אין שטרענגן און פינקטלעכן אויספילן דעם פאטריאָטישן כויוו און די הערשנדיקע אין לאנד געזעצן. א נאציאָנאליסטישע טענדענץ אין מעלוכישן לעבן קאָן ציִען נאָך זיך נאָך מער קלאָגעדיקע רעזולטאטן, איידער דער רעליגיִעזער פאנאטיזם פון טאָרקווע מאדע און פערדינאנד דעם קאטוילישן, וועלכע האָבן שיר ניט צו נישט געמאכט די אמאָל אלמעכטיקע שפאניע. צי קאָנען מיר דען זײַן זיכער אין דעם, אז פון 80 מיליאָן פראוואָסלאוונע רוסלענדער זאָל מען ניט דארפן אויסמעקן א העלפט, אויב ס'וועט זיך פאָדערן אן אומבאשטרײַטלעכע באשטעטיקונג פון זייער רוסישער אָפשטאמונג. און ווי זאָל זײַן מיט די 20 מיליאָן פאַרשטייער פון אנדערע פעלקער, וועלכע גייען ארײַן אין באשטאנד פון דער רוסלענדישער מעלוכע?

געץ ברענגט בײַשפּילן פון אופריכטיקער ליבע מיצאד די רוסישע יִידן צו רוסלאנד, געמיינזאמע אינטערעסן פון דער רוסישער און יִדישער יוגנט, אָפרופן מיצאד די גענעראלן סקאָבעליעוו און קוראָפּאטקין וועגן די הויכע קריגערישע מײַלעס פון די יִדישע סאָלדאטן, וועלכע האָבן זיך ניט געשאנעוועט צוליב די אינטערעסן פונעם היימלאנד. דערבײַ האָבן זיי אפילע, זײַענדיק פארווונדעט, ניט געטאָרט בלײַבן אין די געגנטן, וווּ ס'איז פארווערט געווען וווינען א יִידן, און האָבן זיך געשלעפּט אף קוליעס טויזנטער ווערסט, קעדיי זיך אומקערן אינעם טכום־האמוישעוו. געץ ברענגט די קלוגשאפטלעכע ווערטער, וואָס עס האָט געזאָגט דער לאָנדאָנער קארדינאל מאנינג צו די פאָרשטייער פון דער יִדישער געמיינדע: "אין דער בריטאנישער אימפעריע איז פאר אונדזערע יִדישע מיטבירגער גלײַך מיט אלע אנדערע אָפן יעדע אָרנטלעכע און בעקאָוועדיקע קאריערע. זיי זײַנען פאר אונדז פרידלעכע, גרויסמוטיקע און גוטע ברידער. זיי נעמען אָנטייל אין אונדזער מעכטיקײַט און פארשטארקן זי. ביכלאל איז די טרײַהײַט פון בירגער אָפּהענגיק פון דעם, ווי עס באציט זיך צו זיי די מעלוכע... וואָס מעכטיקער עס איז די מעלוכע, דארף זי אלץ מער הומאניש און טאָלעראנט זיך באציִען צו די, וואָס לײַדן פון דער דוירעסדיקער דערנידעריקונג".

פון דעם III קאפיטל "א וואָרט דעם באשולדיקטן".

איר, הערן אנטיסעמיטן, מאָטיווירנדיק אײַער פײַנשאפט צו די יִדן, מעלדעט אונדז אלס סאָנים פונעם רוסישן פאָלק און פון זײַן מעלוכישער אָרדענונג. סטײַטש? דאָס גרויסע רוסישע פאָלק און זײַן ניט־געוואקלטע מעלוכישע אָרדענונג, וועלכע האָט זיגרײַך אָפּגעשלאָגן די מעכטיקסטע סאָנים פון אויסן און אינווייניק און וועלכע האָט דאָס רעכט מער פון אנדערע צו זאָגן, אז זיי האָבן פאר קיינעם קיין מוירע ניט, אכוץ בלויז פאר גאָט, — ווי געשיקט זיך עס? זייער עקזיסטענץ דראָט א שרעקלעכע געפאר מיצאד דעם יִדן! דער דערנידעריקטער און באאוולטער, אונטערדריקטער און פארפאָלגטער, אָנמעכטיקער און רעכטלאָזער רוסישער יִיד — גראָד ער איז גאָר דער געפערלעכסטער סוינע פון רוסלאנד! די רוסישע יִדן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר, לויט דער אָפיציעלער סטאטיסטיק, א נישטיקע מינדערהײַט — בא פיר מיליאָן צווישן דער הונדערטמיליאָניקער באַ־פעלקערונג פון רוסלאנד, געפענטעטע איבער די הענט און פיס מיט אזעלכע באגרענעצונגען, וועלכע נעמען בא

זיי אַף יעטווידע פּרײַע באַוועגונג און ענערגישע טעטיקייַט, איז אָט די דאָזיקע "פּאַכדאַנישע" און דערשראָקענע ייִדן זײַנען פּלוצעם געוואָרן באַזונדערס געפֿערלעך פאַר רוסלאַנד! איז פון וועמען זשע, הערן, לאַכט איר?..

פון דעם IV קאַפּיטל "א וואָרט דעם באַשולדיקטן".

די אַנטיסעמיטן פריידיקן אָן א סאַך און אָן אן עק די אידייע וועגן דעם עקספּלואַטאַטאָרישן טאָך פון די ייִדן, וועלכע האָט ניט איין מאָל אַרײַנגעצויגן אין פּאַגראָמען אַפילע אַזעלכע מענטשן, וועלכע האָבן קיינמאָל קיין ייִדן ניט געזען, ניט געהאַט קיין שום פאָרשטעלונג וועגן זייער לעבנשטייגער, אָבער לויט די פּילצאָליקע עקאָנאָמישע און סטאַטיסטישע באַשרײַבונגען פון דער רוסישער אימפּעריע, לויט די ספּעציִעלע אויספאָרשונגען אַף די ערטער, ווו די ייִדן לעבן, זעט אויס דער דאָזיקער לעבנשטייגער ווי אַן עמעסער גענעם. אַזוי האָבן לויט דער אויספאָרשונג אין 16 דאָרעם־מײַרעוודיקע גובערניעס די ייִדן פאָרגעשטעלט 40% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. 75% פון זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האַנטווערקערײַ, זײַענדיק, ווי עס זאָגט דער קוואַל, "אײַנגעזונקען אין שרעקלעכן דאַלעס".

די מערהײַט שוואַרצאַרבעטער און א באַדײַטנדיקער טייל אינדוסטריִעלע אַרבעטער אין די שטעט און שטעטלעך פון טכום־האַמוישעוו זײַנען ייִדן. אין זײַן אַרבעט "אין דעם ייִדישן טכום־האַמוישעוו" שרײַבט דער באַוווּסטער עקאָנאָמיסט א. פּ. סובאָטין: לויט דער צאָל ייִדן קאָן ווילנע זיך אָנרופן זייער יערושאָלאַיִם; ייִדן לעבן דאָ בא 50 טויזנט, פון וועלכע 9/10 געהערן דאָ צום אָרעמסטן פּראָלעטאַריאַט. פּיל אַרבעטן דאָ בא דער אײַזנבאַן־ליניע און ביכלאַל פאַרנעמען זיי זיך מיט פיזישער אַרבעט. בײַס מיר זײַנען געווען אין ווילנע האָבן מיר זיך אַלע מינוט אָנגעשטויסן אַף ייִדן־טרעגער, שוואַרצאַרבעטער, באַלעגאָלעס, מאַ־ליאַרס און אַנדערע; גלעזער און קוימענקערער זײַנען אַלע ביז איינעם ייִדן, א סאַך טעסלער און מוליערס, וואַסערפירער, האָלצהעקער, מויערער א. אַנד., אַף די טאַבאַק־פאַבריקן זײַנען אַפילע ניט פאַראַן קיין אַנדערע אַרבעטער כוץ ייִדן, בינדיוזשניקעס זײַנען דאָ פאַראַן בא די הונדערט, און אַלע ייִדן. באַזונדערס זײַנען דאָ א סאַך טרעגער. מיר האָבן אָפּטמאָל געשטוינט, זעענדיק, סאַראַ שווערע לאַסט עס טראָגט איבער אַף דער פּלייצע א דאַרינק ייִדל, וואָס, דאַכט זיך, קוים וואָס ער זשיפּעט. לעמאָשל, א גאַנצע שאַפע, א קאָמאָד אָדער א קאַסטן; איינמאָל האָבן מיר געזען, ווי צוויי געזונטע מאַנצבלען האָבן אַרופגעלייגט אַף אַזא נעפּעש א קאָלאָסאַלן טיוק, וואָס איז געווען גרעסער פון אים אַליין..."

דאָס זעלבע ניט־פרייַלעך בילד האָט סובאָטין געזען אויך אין קאָוונע. ניט ווייניקער דאַכקעס האָבן געליטן די מעלאַמדים און ראָשע־יעשיוועס, וועמען די ייִדן האָבן צו פאַרדאַנקען פאַר זייער דווירעסדיקער דורכויסיקער גראַמאָטנעקייַט און אינטעלעקטועל־זיטלעכער אַנטוויקלונג אַפילע בא דער געוויסער איינזײַטיקייַט און אָפּגעשטאַנעקייַט פון די דאָזיקע לערער. פונקט אַזא דאַלעסדיקער איז געווען דער ווילשטאַנד פון די ייִדישע הענדלער און קלייטניקעס. און אָט די אַלע ייִדישע האָרעפּאַשניקעס פאַרעכענען די אַנטיסעמיטן פאַר עקספּלואַטאַטאָרן פונעם רוסישן פאָלק.

גאָר אַן אַנדער זאַך זײַנען די ייִדן־שענקערס. פונקט ווי די שענקערס־קריסטן, האָבן זיי אויך געהאַט א דעמאָראַליזירנדיקע ווירקונג אַפן פאָלק. אָבער די ייִדן־שענקערס זײַנען דאָך געגאַנגען אַף די גרייטע שפּורן פון דעם אַלט־רוסישן בראָנפן־געשעפט,

וועגן וועלכן דער הייליקער קיריל בעלאָזיאָרסקי האָט אָנגעוויזן: ״מענטשן פאַרטרינקען זייערע נעשאָמעס און קומען אום״. און פלוצעם דערווייסן מיר זיך, אַז די דאָזיקע דווירעסדיקע שיקורים האָבן אָנגעטרונקען די ייִדן. איבערכאַזערנדיק די דאָזיקע נארישקייט, דערמאָנט אָבער קיינמאָל קיינער ניט, אַז די ״גרויסע שיקרעס״ האָט געהוליעט אין דער גרויסער ״רוס״ א סאך פריִער איידער אין איר האָבן זיך באַוויזן די ייִדן.

מיליאָנען ייִדישע האָרעפּאַשניקעס, וואָס זיינען צונויפגעשפּאַרט אין פינצטערע ווינקלען, ציטערן קעסיידער פאַר זייערע מישפּאָכעס און פאַרשעלטן דעם טאָג פון זייער געבורט, זיי אַלע האָט פאַרשטעלט א הייפל גווירים־פּראָצענטניקעס, אָט זיי אונטערדריקן די ייִדן ניט ווייניקער ווי דאָס רוסישע פאָלק, זיי איז אייגנטימלעך די זעלבע רויבערישע פּסיכאָלאָגיע, פּונקט ווי די רוסישע דיערונאָווס און קאָלופּייעווס. נאָר פאַרגלייכנדיק די צוויי טיפּן בלוטזויגער, באמערקט סאַלטיקאָוו־שטשעדרין: ״ווען מען איז אַמאָל געקומען אין קאָפּ אָנצוּווייזן אויף ראַזוווייעוון אַלס א באַשטימענדיקן טיפּ פון א רוסישן מענטשן, אָבער דעם ייִדישן ראַזוווייעוון וועט מען אומבאַדינגט אָנבינדן דעם גאַנצן ייִדישן שייוועט!״

די דאָזיקע פּיפּיקע פאַרשוינען שווימען ארויף צוריק אויף דער אויבערפלאַך אַפילע נאָך דעם ווי זיי ווערן באַראַבעוועט אין א פּאָגראָם, זיי וואַרפן זיך ווידער אין קאָנצעסיעס און באַנק־געשעפטן, פאַרגעסנדיק דערביי זייער נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם, פאַראַכטנדיק דאָס אייגענע פאָלק. איבערגעלעבט דערנידעריקונגען, יאָגן זיי זיך נאָך טיטלען, האָבן ליב זיך אויספּיינען מיט לוקסוס, באַרימען זיך מיט זייער רייכקייט און גיבן א גרונט צו מאַכן א פאַלשן אויספיר, אַז אַלע ייִדן באַהאַלטן זייער אָנגערויבט גוטס. שעקער! די ייִדישע מאַסן זיינען אָנמעכטיק קעגן זיי, און די רוסישע יוסטיץ וועט זיך אויף געוויס ניט נעמען דורכקלאַפּן זייער גאָלדענעם פּאַנצער.

**פונעם VIII קאַפּיטל פון ״א וואָרט דעם באַשולדיקטן״.**

ניט אַלע אַנטיסעמיטן האָבן גערופן צו פאַרניכטן די ייִדן. אַנדערע וואָלטן זיך באַנוגנט מיט דער אַקציע — ארויסטרייבן זיי פון רוסלאַנד. נאָר וויִאַזוי זאָלן די ייִדן פאַרלאָזן דעם אייגענעם קאַנט, וווּ זיי האָבן אָפּגעלעבט שוין עטלעכע יאָרהונדערטער, וווּ זייערע זיידעס האָבן זיך באַזעצט צומאָל פריִער, איידער די זיידעס פון יענע, וועלכע קלייבן זיך זיי פון דאָרטן ארויסטרייבן. די ייִדן האָבן באַגאָסן דעם דאָזיקן קאַנט מיט בלוט און שווייס, געבראַכט אים די שווערסטע קאָרבאָנעס, זייענדיק באַלעסטיקט, כוץ די אַלגעמיינע פאַר אַלע בירגער פליכטן, נאָך מיט אַזעלכע שטייערן, וואָס פיל האָבן וועגן זיי גאָר קיין פאָרשטעלונג ניט.

זייענדיק א רעליגיעז פאָלק, זיינען די ייִדן צוגעבונדן צו דער ערד, וווּ עס רוען די ביינער פון זייערע קרויווים, וווּ עס איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון זייער קינדהייט. ס׳איז באַוווּסט, אַז אין פראַנקרייך, שפּאַניע, פּאָרטוגאַליע, דייטשלאַנד זיינען די ייִדן גיכער געגאַנגען אויף א מאַרטירער־טויט, אויף שייטערס, נאָר ניט זיין ארויסגעטריבן פונעם היימלאַנד. קיין שום פּאָגראָמען און סרייפעס אין די ייִדישע ייִשוווים און קיינע אויסשליסלעכע געזעצן וועלן ניט זיין בעקויעך צווינגען די ייִדן זיך ארויסזעצן ביז איינעם פון רוסלאַנד. די ייִדישע פראַגע איז ניט אין די ייִדן, נאָר גראָד אין דער אומנאָרמאַלער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער און סאָציִאַלער לאַגע, די אויסשליסלעכע מאָסמיטלען און פאָלקישע פאָרורטיילן, וועלכע האָבן זיך באַדייטנדיק פאַרשטאַרקט

אין דער לעצטער צײַט אונטער דער ווירקונג פֿון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג.

לאָמיר דערלאָזן, אַז די העצע פֿון די אַנטיסעמיטן און די אויסשליסלעכע מאַסמיטלען וועלן אַרויסשטויסן די ייִדן אויסער די גרענעצן פֿון רוסלאַנד. וועט עס דען פֿאַרלײַכטערן די לאַגע פֿונעם לאַנד? ס'איז באַוווּסט, אַז אַלע לענדער, וועלכע האָבן אַרויסגעטריבן אַמאָל די ייִדן, האָבן שפּעטער זיי גערופֿן צוריק, און האָבן זיי אַפֿילע פֿאַרגעלייגט פֿאַרשיידענע פּריווי־לעגיעס. אויב דאָ וועט רוסלאַנד זײַן אַן אויסנאַם, וועט עס דען ברענגען איר נוץ? צי דען איז פּעיִק דאָס גוטהאַרציקע, באַשאָקענע מיט גרויסע מאָראַלישע מײַלעס רוסישע פֿאָלק בויען זײַן מאַזל אָף דעם אומקום פֿון די נאָענטע? בלויז בלינדגעוואַרענע פֿון זייער סינע פֿײַנט קאָנען ענטפֿערן אָף די דאָזיקע פֿראַגן פּאָזיטיוו. ווי ציניש עס זאָלן זיך ניט אײַדיעקעווען איבער דעם עמעס און גערעכטיקײַט די ניט־געבעטענע גוטע־פֿרײַנט, וואָס טײַטשן אויס דעם ווילן פֿונעם רוסישן פֿאָלק, האָפֿן מיר, אַז ס'וועט קומען די צײַט, ווען עס וועט זיך מיט פֿאַראַכטונג אָפּקערן פֿון זײַנע פֿאַלשע גוטווינטשער.

די דאָזיקע געדאַנקען און אָט די אָפּטימיסטישע שטימונג האָבן אונטערגעהאַלטן אין געצן די עמעסדיקע אויסדריקער פֿונעם פֿאָלקס־גײַסט פֿון רוסלאַנד. דעם 5־טן יול 1890 האָט ל. נ. טאָלסטאָי געשריבן:

״וואָס קליגער און גוטהאַרציקער מענטשן זײַנען, אַלץ גיכער גיסן זיי זיך צונויף ענגער און אָרגאַנישער איינער מיט די אַנדערע. מעגן זיי זײַן דײַטשן, אַנגלאָ־סאַקסן, ייִדן און סלאַוון... און דעריבער דוכט זיך, אַז סײַ דעם ייִדן און סײַ דעם רוס איז געבליבן ניט מער, ווי צו שטרעבן, אַז יעדערער פֿון זיי זאָל זײַן וואָס מער סייכל־האַיאָשערדיק און גוטהאַרציק, פֿאַרגעסנדיק וועגן זײַן סלאַוויאַנאָפֿילסטווע אָדער ייִדישקײַט״.

און סאָלאָוויאָוו האָט אינעם פֿאָרוואָרט צו ״א וואָרט דעם באַשולדיקטן״ הייס איבערצײַגט זײַן פֿרײַנט געצן, אַז ער האָט ניט וואָס צו מוירע האָבן פֿאַרן גוירל פֿון זײַן פֿאָלק, ווײַל דאָס פֿאָלק איז באַגאַנגען אַזויפֿיל העלדנטאַטן און אַזויפֿיל אויסגעליטן! איז פֿאַסט דען די ייִדן נאָך דעם אַלעמען מוירע האָבן פֿאַר וועלכע־ניט־איז אַנטיסעמיטן? ״ווען די דאָזיקע בייזע און שמוציקע אַגיטאַציע וואָלט באַ מיר דערוועקט אַ וועלכע־ניט־איז שרעק, איז אַוואַדע ניט פֿאַר די ייִדן, נאָר פֿאַר רוסלאַנד, — האָט אַנטוויקלט זײַן געדאַנק סאָלאָוויאָוו, — נאָר איך בין זיך מוידע, אַז אַפֿילע אַזאַ שרעק פֿיל איך אויך ניט. אַ פֿאַלשע געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג איז ניט מער ווי אַ צײַטווײַליקע און גיך־איבערגייענדיקע...

כאָטש דעם, איז דאָס רוסישע פֿאָלק זיך אַליין קיין סוינע ניט, עס איז גענוג קלוג, עס זאָל ניט שטרײַטן מיט גאָט״.

## מוישע וואָלף

# דער גילגול פון זײַן ניגון

### ריבוינעשעלוילעמ, איך הער, ווי דו זאָגסט מיר ווערטער געקליבענע

אין די לעצטע פינף יאָר האָב איך שוין ניט איין מאָל געפּרוּווט שרײַבן וועגן אים און זײַן שאַפונג, און יעדעס מאָל האָב איך ניט געקאָנט ביזן סאָף פאַרווירקלעכן דעם פאַרטראַכט. דעריקער איבער דעם, וואָס עס האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן צונויפקלײַבן דעם נייטיקן מאַטעריאַל, וועלכער האָט געדאַרפט מיר העלפן ריכטיק באַנעמען און שילדערן זײַן גײַסטיקן פּאָרטרעט, זײַן טויכן. וואָס מער איך האָב געלייענט זײַנע ליטעראַרישע ווערק, וואָס מער כ'האָב געפּרוּווט זיך פאַרטיפן אין דעם, וואָס ער האָט אַליין (און אויך וואָס און וויאַזוי אַנדערע האָבן וועגן אים געשריבן), אַלץ קאָמפּליצירטער און שווערער איז געוואָרן פאַר מיר די אַרבעט. די צײַט אָבער און די געשעענישן אין אונדזער לאַנד לויפן מיט אַזאַ אימפּעט, בײַטן אַזוי די אומשטאַנדן אַרום אונדז, ענדערן דאָס לעבן פון די פעלקער, בעסוירכעם פון די ייִדן, אַז עס ווערט געפערלעך אָפּצולייגן אויף מאָרגן דאָס, וואָס מע דאַרף טאָן הײַנט. עס גייט אַ רוישנדיקע אַײַז־קריִע, אַ שטאַרקער אָפּפלוס פון די ייִדישע לייענער און אויך פון די ייִדישע שרײַבער און דיכטער, ס'איז שוין קימאַט ניט געבליבן קיין ייִדישע קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער אין לאַנד. ניט געקוקט אויף דעם, ציט זיך נאָך דער כוט האַמשולעש פון אונדזער ליטעראַטור. די ליטעראַרישע וועלט מערקט אָפּ דעם 30־יאָריקן יוביל פון דעם ווירדיקן און פּראַקטיקן זשורנאַל "סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכער האָט זיך באַוויזן פאַר אָט די דרײַ יאָרצענדליקער אין דער צאָל פון 360 בענדער.

אָט דאָס אַלץ צווינגט וואָס גיכער אָנצייכענען די כאַראַקטער־שטריכן פון דעם מענטשן, וועלכער האָט אין די באַוווּסטע טרויעריקע יאָרן מיט גרויס ריזיקע פאַר זײַן לעבן, רו און געזונט, ניט געקוקט אויף אַלע דראָונגען און וואָרענונגען, געקערט וועלטן און זיך דערשלאָגן בײַ די מאַכט־אָרגאַנען, ס'זאָל ווערן דערלויבט צו גרינדן דעם אָנגערופענעם זשורנאַל און וועלכער האָט בעמעשעך פון אָט די 30 יאָר געטראָגן אויף זיך דעם אָל פונעם הויפּט־רעדאַקטאָר. שוין דאָס אַליין איז גענוג, אַז ס'זאָל אונטערגענומען ווערן אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג וועגן זײַן טעטיקײַט אין דער ליטעראַטור, וועגן דעם, וויאַזוי עס גיט זיך אים אײַן אַזוי לאַנג — אַ גאַנץ לעבן — שטיין באַם שטורוואַל און פירן די שיף אין איר אָריגינעלער ריכטונג, אויסמײַדנדיק אַלע רופן צווישן סצילע און כאַריבדע, כאָוועץ יונגע, ענטפערן אויף די באַדערפענישן פון אַ גרויסער מאַכנע ליטעראַטן, וועלכע וואָלטן שוין לאַנג אַוועק לעיִבעד, ווען ניט די מעגלעכקײַט זיך פּובליקירן.

כוץ דעם, מוז אָנגעוויזן ווערן, אַז דער זעלבער מענטש איז אַ געניטער פּובליציסט, אַ פאַרליבטער מיט אַלע כושים אין ייִדישן וואָרט און אַ קעמפער קעגן דעם געלן זשורנאַליזם, קעגן

פאַרשיידענע ווילדע אָנוווּקסן אין ייִדישן לעבן בכל מקום שהיִם (בעכאָל מאָקוים שעהיים). עס איז ניטאָ קיין שום סאָפעק, אַז קיינער האָט בא אונדז ניט געאַמפּערט זיך מיט אַזאַ אקשאָנעס, מיט אַזאַ ברען, שאַרפקייט און שטאַנדהאַפטיקייט קעגן דער געלער ייִדישער פּרעסע, ווי דער העלד פון דער דאָזיקן אַרטיקל.

# 40 יאָר, ווי איך קריג זיך מיט מײַן דאָר

אָט דער אַספּעקט פון זײַן טעטיקייט, פֿון זײַן וועלט־אויפֿפאַסונג פאַרדינט אויך אַ ספּעציעלע אויספֿאָרשונג.

און ועל כלם (וועאַל קולאָם, דאָס הייסט „צו אַלע צאָרעס נאָך") איז ער אַ שעפער, אַ וואָרט־קינסטלער, אַ דיכטער, וועלכער האָט דעם באַרוף צו זינגען. שוין העכער פופציק יאָר, ווי ער שאַפט לידער פון גרויסן באַצויבער. היינטצוטאָג איז ער איינער פון די באַוווּסטע און אָנערקענטסטע ייִדישע פּאָעטן. פאַר די פופציק יאָר זײַנען פון אונטער זײַן פען אַרויס אַ היפּשע צאָל לידער־ביכער, אין וועלכע עס זײַנען אָפּגעדרוקט בלויז אויסדערוויילטע — מער פון 700 לידער, פּאָעמעס, באַלאַדעס. ניט ווייניקער פון נאָך 300 זײַנען אין די לעצטע יאָרן פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. אַזאַ שלאַל דיכטערישע ווערק פאָדערט אויך אויסגעפאָרשט און אָפּגעשאַצט צו ווערן.

זאָלן מיר די לייענער מויכל זײַן, וואָס כ'האָב באַלד ניט אָנגערופן זײַן נאָמען. פון די ערשטע שורעס מײַנע קאָן מען פאַרשטיין, אַז עס גייט אַ רייד וועגן אַרן ווערגעליסן.

איז צו וואָס אַזוי לאַנג דאָס „שפּילן זיך אין זשמורקעס"? — וועט מיט גרויס רעכט פרעגן דער לייענער.

דערפאַר, — וועל איך ענטפערן, — ווײַל דער פאַמיליע־נאָמען ווערגעליס איז נאָך ניט אַלץ. ווערגעליס איז אַ דערשײַנונג אין אונדזער קולטור און ליטעראַטור. דער פענאָמען באַשטייט אין דעם, וואָס אָט דער פּאָעט און אָרגאַניזאַטאָר פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן אויסלעב איז זייער ניט פּראָסט, ווי מע קאָן מיינען. ער פאַרמאָגט פאַרשיידענע באַזונדערקײַטן, אייגנטימלעכקײַטן און מידעס. אפילע זײַן פאַמיליע־נאָמען איז זײַער ניט קיין געווײנלעכער (ווער־געל־איז?), און אַלץ, וואָס ער האָט באַשאַפן ביז איצט, איז אַ מין פאַכדעס — ניט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, נאָר ווי אַ צונויפלייגונג פון ראָשעטייוועס, דעהײַנע: פרוש (פיירעש) רמז (רעמעז) דרש (דראַש) סוד (סאָד), אַלץ, וואָס קומט אַרויס פון זײַן דיכטערישער פען, קאָן מען פאַרשיידענערהייט טײַטשן, עס אַנטהאַלט אין זיך אָנצוהערענישן און אַ בוילעטן אונטערטעקסט, אַלץ מוז אויסגעפאָרשט ווערן, און נאָר דעמלט קאָן מען זיך דערגריבלען צו די סוידעס פון זײַן שאַפן, צו זייער מי קא משמעלן (מײַ קאָ מאַשמאַלאָן), — „וואָס לאָזן זיי אונדז צו הערן?"

צוליב דער אַלעמען קאָן מען ניט אין דער היסטאָריע פון אונדזער ליטעראַטור געפינען כאָטש נאָך איינעם, וועלכער זאָל האָבן אַרויסגערופן אַזויפיל ווידערשפּרעכלעכע אָפּשאַצונגען, ווי עס רופט אַרויס צו זיך אַרן ווערגעליס. קיינער קאָן וועגן אים ניט רעדן „רויִק". קיינער באַציט זיך ניט צו אים נייטראַל — אָדער מע ליבט אים ביז דעם זיבעטן הימל אַרײַן, אָדער מע זידלט אים. מער פון אַלע שטורמעווען די פאָרשטייער פון די אָבסקוראַנטישע און עקסטרעם־ציִעניסטישע קרײַזן אין אויסלאַנד, די פאַרשיידענע זשורנאַליסטן פון דער פײַנטלעכער פּרעסע און אויך די ניט־פאַרגינערס בא אונדז אין לאַנד. פון אָט די אַלע זײַנע קעגנער און רעכילעסניקעס קאָן מען הערן: אַן אַפּיקוירעס, אַ קאָמוניסט, אַ מעשומעד, אַ גוי גמור (גוי גאָמור) אַאַוו. אין דער לעצטער צײַט געפינען זיך אויך אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרלוירן די לעצטע סימאָנים פון עטיק און בושע און זיי שעמען זיך ניט אים שעלטן און באַצייכענען זײַן פּערזענלעכקײַט מיט די סאַמע נידערטרעכטיקע ווערטער (זעט דאָס אַרטיקל פון ייִצכאָק קאָרן). קורץ גערעדט, אויב צונויפלייגן אַלע אָפּרופן

וועגן אים — סײַ די גוטע און סײַ די שלעכטע — באַקומט זיך, אַז אַרן ווערגעליס איז דער "קאָלבוינִיק", "הטובה והרעה בו" (האַטויווא וועהאראא בוי), אַלץ דאָס גוטע און דאָס שלעכטע איז אין אים.

וויִאַזוי זשע דאַרף מען זיך באַציִען צו דעם אַלעם? וויִאַזוי רעאַגירט אַף די עמאָציעס דער ייִדישער לייענער, וואָס האָט זיך דערצויגן צו באַציִען זיך מיט אַ געפיל פון ייִראַס שאָמאַיִם צו די, וואָס זײַנען די שעפער פון אונדזער קולטור? וויִאַזוי האָבן רעאַגירט די געשווירענע ייִדישע קריטיקער אַף די ווערק גופא פונעם דיכטער, פּראָזאַיִקער, דראַמאַטורג, פּובליציסט? און וויִאַזוי דאַרף דער לעצטער רעאַגירן אַף די אָנפאַלן?

דער באַוווּסטער ייִדישער ליטעראַטור־פאָרשער א. מוקדוני האָט וועגן דעם בעשאַטוי געשריבן:

"מיר, אידן, שרײַבן שוין אַ קײַמע־לאָן איבער אַ פּאָר טויזנט יאָר. אידישע ליטעראַטור, איז ניט קיין עלפלה, זי איז בשום אופן ניט געבוירן געוואָרן אין שלום'ס קאַפּע" — שוין מיט גוטע צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן מיר, לעמאָשל, געוווּסט פון דער שרײַבערישער מתלה, פון קנאת סופרים (קינאַס סאָפרים) און מיר האָבן געהאַט די קליגסטע און פילאָזאָפיש רואיקסטע שטעלונג צו איר. ס'שאַט ניט — קנאת סופרים תרבה חכמה[1] (קינאַס סאָפרים טאַרבע כאָכמאָ).

דאָס איז טאַקע אַזוי קינאַס סאָפרים — אײַפערזוכט פון שרײַבער — איז ניט קיין אומגליק, ווײַל קינאַס סאָפרים טאַרבע כאָכמאָ פאַרגרעסערט זייער קלוגשאַפט, אָבער און פאַל מיט ווערגעליסן גייט ניט קיין רייד בלויז פון קינאַס סאָפרים, מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט שנאת (סינאַס) סופרים, מיט פײַנטשאַפט פון מענטשן, וועלכע האַלטן זיך פאַר סופרים, — מיט סינע, וועלכע ווערט ניט באַגלייט מיט כאָכמע, פאַרקערט — מיט גרויסע טיפּשעס.

דער דיכטער שרײַבער וועגן דעם:

איך בין שוין טויזנט מאָל פאַרשאָלטן
פון אײַך, פאַרשאָלטענע געווען.
מ'האָט מיך געשילדערט אין געשטאַלטן,
וואָס ניט געהערט און ניט געזען.
איך רעד פון דעם, ווײַל אויך דאָס טיפּשעס
געפינט אַן אָרט זיך אינעם שטרײַט
און ווײַל דאָס טיפּשעס, איצטער היפּש איז
און ווײַל דער עמעס צו מיר שרײַט...
- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
און דאָך, זײַט וויסן: כ'בין אויסן
מײַן אייגענעם, דעם קליינעם פאַל,
דאָס פאָלק אַליין וועט אײַך, ראַבויסײַ,
אַוועקשטעלן צום טריבונאַל.

("עפּיגראַמע")

צום באַדויערן, האָט דאָס פאָלק ביז הײַנט זיך נאָך ניט פאַרנומען מיט די "ראַבויסײַ", ניט געפּרוּווט געבן זיי אַ געהעריקן ענטפער. אפילע באַ אונדז אין לאַנד האָט קיינער פון די סאָוועטישע שרײַבער, דיכטער, פּובליציסטן ניט "אָפּגעשאַצט" ווי עס דאַרף צו זײַן די קלאָלעס, דעם ניבל פּע. איך האַלט, אַז צו דעם טאָר מען זיך ניט באַציִען רויִק, ווײַל אַזאַ מין "קריטיק" באַשײַנט ניט אונדזער ליטעראַטור. פון דעם לײַדט דער לייענער און ניט ווייניקער די ליטעראַטור. דער דיכטער געפינט אין זיך געַנוג הומאָר אַף צו ווענדן זיך צו גאָט מיט אַ "טפילע"?

"ריבוינעשעלוילעם, מאַך פון אַלע מײַנע
סאָנים איין סוינע,
נעם צונויף די פאַלשע צאַדיקים מיט די
אָפענע זוינעס
און מאַך פון זיי איין סוינע — ווי אַ
לעוויאָסן די גרייס,
זאָל שוין בעסער זײַן אַ היפּשער איינער,
איידער אַזויפיל געמיינע, --
די איצטיקע סאָנים, וועלכע איך ווייס.

ריבוינעשלוילעם, מאַך, ס'זאָל ווערן
פון אַלע נאָרעס איין נאָרע.
קויכעס האָב איך גענוג, אַ סוואָרע,
אַף צו ברענגען ערד און שטיינער און
פאַרלייגן די נאָרע שנעל
זאָל שוין דאָרט זײַן אַ כײַע־ראָע.
איידער אַזויפיל שטשורעס געמיינע —
די איצטיקע סאָנים באַ מײַן שוועל.

ריבוינעשעלוילעם, איך הער, ווי דו זאָגסט
מיר ווערטער געקליבענע:
"זינדיק ניט, קינד מײַנס... גרינגער
איז בײַשטיין די דריבנע..."
ביסטו אַוואָדע גערעכט... נאָר איך שאָקל
נאָך אַלץ מיטן קאָפּ:
בעסער אַ נעם טאָן און אָקס אַ בייזן
איינעם,
איידער אַ טיטשקע הינט געמיינע,
די איצטיקע סאָנים, וועלכע איך האָב...

("די טפילע")

די ליד איז ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר א. ווערגעליסעס שאַפונג. ווען דער דיכטער זאָל זי געוווען שרײַבן אין א רויקער צײַט, אָן ווייטיק, וואָלט ער אוואַדע געפונען מער עפּיגראַמאַרטיקע פאַרבן. פאַר אונדז איז זי וויכטיק קוידעמקאָל צוליב א נאַציאָנאַלן קאָלאָריט און צוליב איר אינהאַלט. די לעקסיק פון דער ליד דערמאָנט אונדז איינע פון שמוינע עסריי, פון די 18 טפילעס ולמל שינים אל תהי תקוה (וועלאַמאַל שינים אל טעהי טיקווא) — "און פאַר די פּליאַטקע־מאַכערס זאָל ניט בלײַבן קיין שום האָפענונג", מיט וועלכער יעדער גאָטספאָרכטיקער ייד ווענדט זיך צו גאָט דרײַ מאָל אין טאָג און בעט, ער זאָל אים באַשיצן פון די פײַנט, פון די רעשאָים, פון די מאָסרים און פון אלע בייזוויליקע אויסטראַכטערס, גאָט זאָל זיי צעשמעטערן און צעטיליקן, עס זאָל בא זיי ניט בלײַבן קיין שום האָפענונג זיך צו ראַטעווען פון דער שטראָף.

פרעגט זיך א קאַשע: פונוואַנען האָט דער דיכטער דעראָבערט אָט די ווערטער, וואָס זײַנען אזוי ענלעך אף יענע, מיט וועלכע ער האָט צונויפגעשטעלט זײַן אייגענע טפילע? וואָס איז דאָס — א פּאַשעטע צונויפפאַלונג?

מיר דאַכט זיך, אז ניין. אָט די ווערטער האָט דער דיכטער ניט איין מאָל געהערט אין זײַן קינדהײַט. אין דעם יידישן שטעטל ליובאַר, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, — אין דעם בעסמעדרעש, וווּהין זײַן טאַטע פלעגט אים פירן צום דאַוונען, און אויך — אין כיידער, אין וועלכן ער האָט געקנעלט עטלעכע יאָר. און כאָטש פון דעמלט איז אוועק א היפּשע צײַט, האָבן די ווערטער און די נעגינע, מיט וועלכע יידן קערן זיך אום צו גאָט, זיך שטאַרק אײַנגעקריצט אין דעם קינדערשן זיקאָרן און אין זײַן פּילבאַר האַרץ. לאַנג האָבן זיי דאָרט "געדרעמלט", געלעגן אין הינטערגרונט פונעם געמיט, און זיך "אופגעוועקט און אַרויסגעשווומען", ווען עס איז געקומען פאַר זיי דער פּאַסיקער מאָמענט.

און פונוואַנען האָבן זיך גענומען די ריבוינעשעלוילעמס, וועלכע דער דיכטער כאַזערט איבער דרײַ מאָל אין דער ליד? אין טאָגטעגלעכע טפילעס טרעפט זיך ניט אָט דער אויסדרוק. ער טרעפט זיך אָפט אין די טכינעס, וועלכע די ווײַבער לייענען מיט גרויס קאַוואָנע, מיט א באַזונדער געזאַנג און אָפט מיט גרויס געוויין און מיט אַן אויסגעשריי ערעוו שאַבעס און בייס זייער בײַזײַן אין שול, ווו עס דאַווענען די מאַנצבלען. עס איז ניטאָ קיין שום סאָפעק, אז אויך אָט די ווערטער האָט געהערט דער קינפטיקער דיכטער אין דער קינדהײַט פון זײַן באָבען און פון דער מאַמען, וועלכע שטאַמען פון אָסטראָפּאָליע, און זײַענדיק הערשעלע אָסטראָפּאָליערס לײַב־אייגענע, האָבן זיי אוואַדע ניט איין מאָל געהערט די ווערטער פון דעם בעש"ט, וועלכער פלעגט אָפט קומען אין שטעטל "זיך קריגן מיט גאָט". דאָס האָט ער, דער באַלשעם, אין זײַן שטענדיקן מישפּעט מיט גאָט זיך געווענדט צו אים מיט די ווערטער: "ריבוינעשעלוילעם, איך בין געקומען זיך קריגן מיט דיר. לא אזוז ממקומי (לוי אָזוז מאַמאַקוימי) — איך וועל זיך ניט רירן פון אָרט".

> "איך וועל ניט אוועקגיין פונדאַנען
> ביז וועסט מיר ניט ענטפערן:
> וואָס האָסטו צו דײַן אַם ייִסראָעל
> און וואָס דאַרפסטו פון דײַן פאָלק
> ייִסראָעל,
> ריבוינעשעלוילעם, און נאָכאַנאַל
> ריבוינעשעלוילעם..."

אין אָט דעם רעטשיטאַטיוו (ווי אויך אין ספּעציפיש יידישן וואָרט "אוי, גאָטעניו") קלינגען פאַרשיידענע מעלאָדיעס — נעגינע פון טרויער, נעגינע פון בעטן, נעגינע פון פּראָטעסט.

"ריבוינעשעלוילעם" מיט זײַן ספּעציפישער מעלאָדיע, ווי אויך דער יידישער אייכאָ־געוויין "וויי־וויי, גאָטעניו", אָדער דער יידישער פּראָטעסט־געשריי "גוואַלד, גוואַלד", וועלכע טויזנטער טאַטעס און מאַמעס, באַלטפילע־זאָגער פלעגן זיך ווענדן צו גאָט אין אלע שלעכטע צײַטן, זײַנען אַרײַן אין דער גענעטיק פון דער יידישער לעקסיק. און ניט אָפּהענגיק פון דעם, צי גלייבט דער מענטש אין גאָט, צי ניין, נאָר אויב אין אים לעבט דאָס "פּינטעלע ייד", ווען ער איז ניט צופרידן

מיטן לעבן, ווען ער פּראָטעסטירט אָדער זוכט הילף, הייבט ער אָן צו אַליאַרמען — ״ריבוינעשעלוילעם״, ״גוואַלד, גוואַלד״, ״אוי, וויי־וויי״.

# ״דאָס פּינטעלע ייִד״

**אָ**ט אַזוי זײַנען מיר דערגאַנגען צו דער צענטראַלער פּראָבלעם, וועלכע איז די אויפֿגאַבע פֿון אונדזער אויספֿאָרשונג — צו דעם ״פּינטעלע ייִד״. ווי אָפֿט באַווײַזט עס זיך אין אַרן ווערגעליסעס לידער? דערמלט נאָר, ווען ער זוכט שוץ בײַ גאָט קעגן זײַנע אומפֿרײַנט? אָדער דאָס ״פּינטעלע ייִד״ פּירט אין ווערגעליסעס לידער זײַן אויטאָנאָמע עקזיסטענץ?

צי האָט זיך אין דעם דיקטאַטערס נעשאָמע פֿאַרהיט די ספּעציפֿישע ייִדישע נעגינע, וועלכע ער האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך אין די קינדער־יאָרן, אָדער זי איז אויסגעגאַן און אַנטרינען אונטער־דעם דרוק פֿון דער געפֿערלעכער צײַט?

צום באַדויערן, איז די ייִדישע קריטיק בענעגייע ווערגעליסן באַגאַנגען גרינטלעכע טאָעסן, ווען זי האָט אונטער דעם פּובליציסטישן זשאַנער ניט געקאָנט (און עפּשער ניט געוואָלט) אָנטאַפּן בײַ אים דאָס ״פּינטעלע ייִד״. ביז הײַנט איז ניט פֿאַרעפֿנטלעכט זײַן ביִאָגראַפֿיע. דער דיכטער אַליין האָט קיין אויטאָביִאָגראַפֿיע אויך ניט אָנגעשריבן. דערפֿאַר וועלן מיר אויף די אַלע פֿראַגעס מוזן זוכן אַן ענטפֿער אין זײַנע לידער און נאָטיצן, וועלכע זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן הען אין ייִדיש, הען אין רוסיש.

פֿון א. ווערגעליסן דערוויסן מיר זיך (״דער אָנהייב פֿון מײַן ביִאָגראַפֿיע״), אַז דער ערשטער אײַנדרוק פֿון זײַן לעבן איז פֿאַרבליבן — אַ קלאַפּ, וועלכן ער האָט באַקומען בײַס ער איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער מאַמעס הענט, ווען זי איז געלאָפֿן זיך פֿאַרבאַהאַלטן פֿון די ״ווײַסע״ באַנדיטן, וועלכע זײַנען אין 1920 יאָר באַפֿאַלן דאָס שטעטל. ״אָט וואָס עס איז פֿאַרבליבן אין מײַן זיכּאָרן. אַ סאָד. אַ פּאַרקן. אַ גרויסע היץ. די מאַמע לויפֿט אַ פֿאַרסאָפּעטע און וויינט. דאָס פּאָנעם בײַ איר איז איבערגעשראָקן. די האָר צעפּאַטלט. איך האַלט זי מיט מײַנע הענט, אַרומגעכאַפּט איר האַלדז. און פּלוצלינג האָט זי זיך פֿאַרטשעפּעט פֿאַר אַ צווײַגל, וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פֿון דעם פּאַרקן, און איך פֿאַל אַראָפּ אויף אָנגעלייגטע הילצערנע בערווענעס און צעקלאַפּ זיך אין זיי...״

אַזוי אַז שרעק־געפֿילן און ווייטיק זײַנען די ערשטע אײַנדרוקן בײַ דעם צווייייאָריקן קינד. די דאָזיקע געפֿילן פֿון פּאַכעד וועלן נאָך זייער לאַנג באַגלייטן אין לעבן אַרן ווערגעליסן — די גרויזאַמע סטאַלינישע יאָרן — ״פּינפּיאָרן״. פֿאַרשיידענע טעראָר־אַקציעס, אויך די אַכזאָריעסדיקע מילכאָמע־געשעענישן וועלן דריקן אויף זײַן פּערזענלעכקײַט.

עפּשער דערפֿאַר, און ניט נאָר דערפֿאַר, האָט זיך דאָס ייִנגעלע אַרעלע אויסגעטיילט נאָך אין שול מיט דעם פֿילבאַרן האַרץ, מיט אַ לייבהאַפֿטיקער פֿאַנטאַזיע, און דאָס אַלץ איז געוואָרן זײַן פּאָעטישע נעטיִע.

״אויף וויפֿל איך געדענק, האָט די פּאָעטישע מוזע זיך צוגערירט צו מיר, ווען כ׳בין געווען אַלט פֿינף יאָר. שאַבעס־צונאַכטס פֿלעג איך באַגלייטן מײַן טאַטן אין שול אַרײַן. און איינמאָל האָט זיך געטראָפֿן אַ גרויסער וווּנדער, בײַס דער טפֿילע האָב איך דערהערט, ווי ״מע רופֿט״ אַרויס די לעוואָנע און ווי מע באַשטעלט דעם טאָג, די שאָ און די מינוטן — די מינוטן — די אויגנבליקן, ווען ס׳דאַרף געבוירן ווערן דער נײַער מוילעד.

— ווען עס גייט אויף די נײַע לעוואָנע, — האָט געזאָגט דער טאַטע, — באַנײַט זיך גאָטס וועלט...

אַ פֿאַרקישעפֿטער און אַ פֿאַרכאַפּטער מיט אַן אומזינדיקן פּאַכעד, בין איך געשטאַנען אונטערן אָפֿענעם הימל צווישן אָנגעטאָנענע אין טאַלייסים ייִדן, און קוקנדיק אויף דעם דינינקן פּאַסיקל פֿון דער אויפֿגייענדיקער לעוואָנע, האָב איך זיך צוגעהערט צו די ווערטער פֿון דער טפֿילע (...). דער טאַטע האָט מיר אײַנגעשעפּטשעט אין אויער:

— ייִדן זײַנען מעכאדעש די נײַ־געבוירענע לעוואָנע...

דאָס העלע שטיקעלע לעוואָנע, וואָס האָט באלויכטן דעם נאכטיקן, פארדעקטן מיט וואָלקנס הימל, האָט ארויסגערופן הארצלעכן פלאטער. ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז די לעוואָנע רויכערט זיך, לויפט, לויפט און שטייט אָף איין אָרט. שווארצע סילועטן פון די ארומיקע מענטשן האָבן מיך ארומגערינגלט. שטייענדיק לעבן דעם טאטן, האָב איך געקוקט אָף דעם הימל און אויך אָף רעב אפרים עפראַיִמען, דעם אמאָליקן צארישן סאָלדאט, וועלכער פלעג אונדז שטענדיק שרעקן, ווײַל ער איז געווען אָן דעם רעכטן אויער (ער האָט אים פאלוירן בייס דער מילכאָמע). און דאָ האָב איך פלוצלינג דערזען, אז די נײַע לעוואָנע האָט זיך צוגעקלעפּט צום קאָפּ פון דעם סאָלדאט, פונקט צו דער אָרט, ווּ עס האָט געפעלט דער רעכטער אויער. איך האָב אויסגעטראשטשעט די אויגן און ניט מיט מײַן אייגענעם קאָל אויסגעשריִען:

— טאטע! די נײַע לעוואָנע — א סאָלדאטישער אויער...

אלע האָבן זיך אומגעקוקט אָף מיר, נאָר געשוויגן.

ווען די טפילע האָט זיך פארענדיקט, האָט רעב עפראַיִם א רעווע געטאָן צו מיר מיט זײַן גראָבן באס:

— גאָט איז מיט דיר!

די ארומיקע האָבן זיך צעלאכט.

— דאָס האָט מיסטאמע דער געבראָטענער האָן א פּיק געטאָן!

— א דונער האָט אים געטראָפן!

ווי עס זאָל ניט זײַן, נאָר פון דעמלט אָן פיל איך די מעטאפאָרישקײַט פון דער נאטור, און מיט פולע רעכט מעג איך זאָגן, אז אין דער דאָזיקער ווײַטער נאכט האָט מיך אינדערעמעסן א קלאפּ געטאָן דער דונער פון מעכאבער זײַן, כאָטש די פּען אין דער האנט האָב איך גענומען א סאך שפּעטער („אין יענע ווײַטע קינדערשע יאָרן").

מע דארף זײַן דאנקבאר דעם הײַנטצײַטיקן דיכטער, וואָס האָט ניט אויסגעמיטן צו ענטפערן אָף ביאליקס האטיידא מעאין נאָכאלטי עס שירי"[2]

און נאָך איין עפּיזאָד, א באשריבענער פון ארן ווערגעליסן — וויאזוי ער איז געהארגעט געוואָרן אין דער מילכאָמע. אלס א שיסער־ראדיסט איז ער געפלויגן אין א באָמבארדיר־עראָפּלאן אויסצופּילן דעם באפעל. „אין א שווארצער אפּרעל־נאכט זײַנען מיר שוין דאָס פערטע מאָל ארויסגעפלויגן פון דעם עראָדראָם. און שוין באלד האָט מען אונדז אונטערגעשאָסן. פון דעם גאנצן עקיפּאַזש האָט זיך אײַנגעגעבן נאָר מיר און דעם צווייטן פּילאָט זיך ארויסצווארפן מיט א פּאראשוט. אלע אנדערע זײַנען אומגעקומען".

אין שפּיטאָל האָט ער זיך דערוווּסט, אז דאָס האָבן דעם באָמבארדיראָווטשיק אונטערגעשאָסן די אייגענע, ווײַל זיי האָבן אלפּי טאָעס געמיינט, אז דאָס איז א פײַנטלעכער עראָפּלאן. און מע האָט איבערגעגעבן, אז אלע אָן אויסנאם זײַנען אומגעקומען. אין דער צײַט האָב איך קיין שום פארבינדונג מיט די ליטערארישע מאָסקווער קרײַזן ניט געהאט און ניט געוווּסט, אז עס דערשײַנט די ייִדישע צײַטונג „אייניקײַט". שטעלט זיך פאָר מײַן באוווּנדערונג, ווען בייס דער טראדיציאָנעלער אין די מילכאָמע־יאָרן צעטיילונג פון מאטאָנעס פאר די פארוווּנדעטע זעלנער האָב איך דערזען, אז איינע פון זיי איז פארוויקלט אין א ייִדישער גאזעטע (...). „גיב מיר אָט די מאטאָנע, שוועסטער", — האָב איך געבעטן. אין א האלבער שאָ ארום איז אוועק א דרײַעקיקער בריוו צו קושניראָוון (דעם רעדאקטאָר פון דער „אייניקײַט". — מ. וו.). אָט אזא היסטאָריע" („צו מײַן ניט־אָנגעשריבענער אויטאָביִאָגראפיע").

ווי עס איז צו זען — ניט פּאָשעט, זייער ניט פּאָשעט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לעבן פון דעם ייִדישן דיכטער ארן ווערגעליס. לאָמיר פארגעדענקען, אז כאָטש ער איז געבוירן געוואָרן אין א „זײַדן הענדל" און איז ניט איין מאָל ניצל געוואָרן פון טויט, האָט אין זײַן הארצן פון קינדווײַז אָן געלעבט דער ייִדישער פּאכעד, צוזאמען מיטן אל תירא יעקב (אל טיראָ יאקאָוו — (ציטער נישט, יאנקעוו), וועלכער גיט זיך איבער פון דאָר צו דאָר און העלפט אונדז בײַשטיין ניסיוינעס, וואָס פאלן אויס אָף אונדזער גוירל.

# לעד לעכאָ

אַרן ווערגעליס איז געקומען אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון דער זעלבער סוויווע, פון וועלכער עס האָבן געשטאַמט די מערסטע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער פון זײַן דאָר. ער איז געבוירן געוואָרן אין א קליין ייִדיש שטעטל אין אוקראַיִנע — ליובאַר, אין 1918 (אין א האַלב יאָר נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע). זײַן פֿאָטער אַלטער־לייב ווערגעליס האָט געשטאַמט פון א טראַדיציִאָנעלער מאַסקילישער מישפּאָכע און האָט זיך אויסגעטיילט מיט זײַן אָנגעלייענטקײַט אין די אַלטע ספאָרים. ווי אַלע ייִדישע טאַטעס, האָט ער געוואָלט, אַז זײַנע צוויי זין (דעם עלטערן האָט מען גערופן יוסעף) זאָלן האָבן א גוטע דערציִונג. צום באַדויערן, האָט זיך אים דאָס ניט אײַנגעגעבן. צוליב דעם באַלעבאַטישן מאַטעריעלן צושטאַנד האָט די מישפּאָכע ניט זיכע געווען, מע זאָל זי פאַרעכענען צו דעם פּראָלעטאַרישן קלאַס, און די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען האָבן דעם טאַטן אָנערקענט אַלס ”לישענעץ“, דאָס הייסט אַן עלעמענט, וועלכער האָט ניט קיין וואַלרעכט, קיין רעכט אָף סאָציִאַלע און געזונט־מיטלען און אויך אָף צו לערנען די קינדער אין מעלוכישע לערן־אַנשטאַלטן. ווען אַרן האָט געדאַרפט ווערן באַרמיצווע, צו 13 יאָר, האָט ער צוזאַמען מיט זײַנע עלטערן פאַרזוכט דער טאַם פון לעד לעכאָ — פון דעם געניטן אַרויסוואַנדערן פון זײַן היים. אין דעם יאָר פאָרט אַריבער די מישפּאָכע קיין בירָאָבידזשאַן. דאָרט ווערט אַרן צוערשט א פּאַסטעך — העלפט זײַן עלטערן ברודער יוסעף, איינעם פון די ערשטע בירָאָבידזשאַנער בינען־ציכטלער, צו פירן די ווירטשאַפט אין טײַגע־ייִשעוו קימקאָן. דאָרט שרײַבט ער אָן זײַן ערשטע ליד.

צו 22 יאָר (1940) פאַרעפנטלעכט אַרן ווערגעליס אין מאָסקווע זײַן ערשטע לידער־זאַמלונג ”באַם קוואַל“, וועלכע רופט גלײַך אַרויס באַגײַסטערטע אָפּרופן מיצאַד שמועל האַלקינען, יעכעזקל דאָברושינען אאַ. דער ליטעראַטור־פאָרשער מייער ווינער שרײַבט אין דעם אַלמאַנאַך ”סאָוועטיש“, אַז אַרן ווערגעליסעס ערשטער בוך ”באַם קוואַל“ שטעלט מיט זיך פאָר די פרוכט פון ”א באַרופֿענער דיכטערישער באַגאַבונג, וואָס ראַנגלט זיך פאַר א זעלבשטענדיק אייגענעם אויסדרוק. דער דאָזיקער ערשטער לידער־בוך פונעם יונגן דיכטער איז ציכטיק אויפגעקליבן, קימאַט אָן פּסוילעס“. צוזאַמען דערמיט שטרײַכט אונטער דער קריטיקער, אַז דער גרונט־טאָן פון א. ווערגעליסעס לידער איז א ”מעגלעך שטרענגער (...). די ליבע צום פאָטערלאַנד קומט דאָ צום אויסדרוק אפילע א ביסל אַסקעטיש־טרוקן (...). פאַר א טייל לידער ווערגעליסעס איז כאַראַקטעריסטיש א געוויסע באַטראַכטערישע געדאַנקלעכקײַט. זי איז אָבער שטענדיק א דיכטערישע“[3].

אין 1948 דערשײַנט ווערגעליסעס צווייטע לידער־זאַמלונג ”בירָאָבידזשאַנער דאָר“, אין וועלכער עס זײַנען אַרײַן לידער, אָנגעשריבענע אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. לויט ה. רעמעניקס אָפּשאַצונג[4], זײַנען אין אָט די לידער פאַראַן ”דעם דיכטערס וועלט־אויפֿאַסונגען (...). זיי פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט מיט זייער אומיטלבאַרקײַט און עמאָציִאָנעלער אויפריכטיקײַט און מיט שטרענגן דראַמאַטיזם, דורכגעדרונגען מיט פּאַטריִאָטישן פּאַטאָס פון קאַמף“. דאָס איז ריכטיק. ווײַטער גייט אַוועק א רייד וועגן דעם, אַז א. ווערגעליס איז ”א טיפער און פולשטענדיק נאַציִאָנאַלער און אינטערנאַציִאָנאַלער דיכטער“. דעם נאַציִאָנאַלן טאָך פון ווערגעליסעס לידער געפינט. ה. רעמעניק אין די לידער, וועלכע זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דריטן בוך — ”פון אַלעף ביז טאָף“ (1980) און אויך אין דעם רוסישן בוך (איבערגעזעצטע לידער) ”דער וועג“ (1972). דער קריטיקער שרײַבט: ”אין ווערגעליסעס דיכטונג איז די פּראָבלעם פון נאַציִאָנאַלן און אינטערנאַציִאָנאַלן פאַרקערפּערט אין פאַרלויף פון אַלע יאָרן פון זײַן טעטיקײַט... דער לירישער העלד פון זײַן פּאָעזיע דאָס איז דער **סאָוועטישער ייִד**, וואָס בויט א נײַע

וועלט, און די **ברידערלעכע פרײַנטשאַפט** מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן פון אַלע פעלקער אין ראַטנפאַרבאַנד״ (דאָרט, ז. 156).

מיר האָבן אויסגעטיילט די דאָזיקע שורעס פון דער רעצענזיע, מיט וועלכער עס זײַנען איינשטימיק אויך אַ ריי אונדזערע סאָוועטישע יידישע קריטיקער (י. דרוקער, מ. מאַרגאָליס אאַ.) ניט דערפאַר, ווײַל מיר האַלטן, אַז זיי זײַנען ריכטיקע און מיר זײַנען מאַסקים מיט זיי. פאַרקערט, לויט אונדזער מיינונג זײַנען דאָס די אַמווייניק באַגרינדעטע באַהויפּטונגען אין ה. רעמעניקס אָפּשאַצונגען. עס העלפן אויך ניט רעמעניקס אָנווײַזונגען, אַז ווערגעליס האָט געשאַפן די ״טרעבלינקער שטיינער״ אַלס ייִד. ווי באַוווּסט, האָבן וועגן דער אומגעהערטער אין דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע אויסראָטונג פון דעם יידישן פאָלק געשריבן ניט נאָר יידישע פּאָעטן, נאָר אויך קינסטלער פון אַ סאַך אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, בעסויכעם רוסן (יעווגעני יעווטושענקאָ אאַ). מיר האַלטן דעריבער, אַז די מײַלע פון ווערגעליסן דאַרף ניט דעקלאַרירט ווערן, מע דאַרף זי דעמאָנסטרירן. דעם נאַציאָנאַלן גײַסט פונעם פּאָעט דאַרף מען באַווײַזן אין דער לעקסיק פון די לידער, אין זייערע ריפמען און אין זייער ספּעציפישער נאַציאָנאַלער נעגינע.

# אַז יאָשיר[5]

זײַן ערשטע ליד, דעם אַז יאָשיר, האָט אַרן ווערגעליס אָנגעשריבן אין 1932, אין עלטער פון 14 יאָר, און זי איז פאַרבונדן מיט אַזאַ איבערלעבעניש.

געשען איז דאָס אין אַ בירָאבידזשאַנער מוישעוו, אין קימקאַן, ווען דער יונגער פּאַסטעך האָט געפיטערט אַ טשערעדע קעלבלעך ניט ווײַט פון דער אײַזנאַן און לעבן דעם דאָרטיקן טײַך. איינמאָל, ווען ס׳האָט זיך פלוצלינג באַוויזן דער צוג און עס האָט זיך דערהערט זײַן רויש און דער ליאַזג פון די רעדער, האָבן זיך די קעלבלעך דערשראָקן און זיך אַ לאָז געטאָן אין טײַך. איין קעלבל איז דערטרונקען געוואָרן. דאָס האָט דערשיטערט דעם יונגן פּאַסטעך. עטלעכע שאָ, מיט דעם פּאָנעם אַרײַנגעזונקען אין גראָז, האָט ער ביטער געוויינט. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן:

בעסער אַף אייביק פאַרגיין זאָל די זון.
איידער באַם קעלבל די אויגן.
זיץ איך אין וואַלד און טראַכט פונדערפון,
טײַנע זיך אויס מיט דעם פויגל.
טרינקט זיך דאָס קעלבל אין שטראָמיקן טײַך,
רינען אין טײַך מײַנע טרערן.
גאָטעניו, ענטפער מיר טייקעף און גלײַך,
צי וועסטו מײַן טפילע דערהערן.

אָט אַזאַ ליד! דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אַ רעד טאָן מיט אַזאַ טראַגישן אויסדרוק... אַ סאַך איז דאָ ״שולדיק״ דאָס, וואָס דער אָנפאַנגער איז דערצויגן געוואָרן אין דער ספּעציפישער יידישער ספערע פון ראַכמאָנעס. ראַכמאָנעס צו יעדן צאַרבאַלעכאַיִם, וואָס עס דערמאָנט אין מענדעלע מויכער־ספאָרימס ״קעלבל״. אַ מענטש מיט אַן אײַנגעבוירענער דיכטערישער וויזיע, וועלכער האָט פון קינדווײַז אײַנגעזאַפּט אין זיך די העראָישע בילדער פון אַז יאָשיר מוישע, קומט אָן צום האַרציקן אויסגעשריי ״גאָטעניו״ און צו דער פאָדערונג, אַז די טפילע זאָל באַלד, טייקעף אומייאַד דערהערט ווערן.

פון יענער צײַט ביז צו דעם 1940, ווען ס׳האָט זיך באַוויזן ווערגעליסעס ערשטער זאַמלבוך ״באַם קוואַל״, זײַנען אַריבער גאַנצע אַכט יאָר. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דער צײַט איז אונדזער 14־יאָריק באָכערל געוואַקסן ניט נאָר פיזיש, נאָר אויך אינטעלעקטועל און גײַסטיק. מיט גרויס פלײַס און האַסמאָדע לערנט ער זיך באַ די אָנגעזעענסטע יידישע שרײַבער און דיכטער פון יענער צײַט. דערפילנדיק, אַז דער אָנפאַנגער איז טאַלאַנטפול, האַלטן זיי אים אונטער, סטימולירן, ער זאָל שרײַבן און זיך לערנען. פאַר אָט דער צײַט ווערט באַרײַכערט זײַן דיכטערישע לעקסיק, פאַרפולקומט די ריטמיק, פאַרברייטערט

די וועלט־אופאסונג, און ווען די לייענער עפענען אוף דאָס ביכל "באַם קוואַל" און לייענען זײַנע ערשטע לידער, ווערט פאַר זיי אַנטפּלעקט אַ זעלבשטענדיקער, אָריגינעלער דיכטער, וועלכער איז ניט נאָר רײַף, באַגאַבט, נאָר גיט צו וויסן דער וועלט, אַז ער איז געקומען מיט אַ ספּעציעלער שליכעס.

איך בין געקומען אויסלייזן דיך, ערד,
פון יעדער ווילדעניש, פון אַלע פּוילע דאָרנס.

דאָס ביכל "באַם קוואַל" שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָנהייב פון אַ נײַער טעמע אין דער יידישער דיכטונג — לידער וועגן דער טײַגע־געגנט. דאָס איז אַ פרעכטיק געזאַנג וועגן דער ביראָבידזשאַנער נאַטור. די לידער זײַנען אָנגעפילט מיט הויכע געפילן, מיט ליריק, מיט אָריגינעלע ריטמען, מיט מײַסטערישע פּייזאַזש־באַשרײַבונגען. אַלץ איז דאָ באַשײַנט מיט דעם דיכטערס אינערלעכער ליכט און טעמפּעראַמענט. אין דעם דאָזיקן ערשטן בוך, ווי אויך אין דעם שפּעטערדיקן — "ביראָבידזשאַנער דאָר" — זינגט דער דיכטער וועגן ליבע, וועגן דער נאַטור, וועגן דעם מענטש, אַפילו וועגן דער פּלאַנעטע ווענערע, וועגן דער גריכישער שטאָט ספּירא, נאָר דערווײַל ניט וועגן יידן. דאָס וואָרט "ייד" קאָן מען ניט געפינען אין די לידער פון יענער צײַט. דער "אַסקעטיזם" פון אַ. ווערגעליסעס סטיל, אויף וועלכן ס'האָט בעשאַטוי אָנגעוויזן מייער ווינער, איז כאַראַקטעריסטיש באַ דעם דעמלטיקן ווערגעליס קוידעמקאָל אין די לידער, וועלכע האָבן אויסגעדריקט די באַציִונג צו דער נאַציִאָנאַלער פּראָבלעם.

דער שוין אויבנציטירטער מוקדוניי שרײַבט:

"פאַראַן שריפטשטעלער, וואָס זײַנען אַ מין ראָים וועאיינאָם ניכּום[6]. זייער זשאַנער איז אָפּט גאָרניט אין העסקעם מיט זייער פּערזענלעכקײַט. דער אַרט שרײַבן פאַרשטעלט דעם מענטשן, גיט אַ פאַלשן באַגריף וועגן אים. מע דאַרף האָבן אַ שאַרף אויג, קעדיי אָנטאַפּן דעם מענטשן, די מאָראַלישע פּערזענלעכקײַט אין זייער שרײַבן" ("דער לעבעדיקער", ניו־יאָרק, 1938, ז. 8).

אין לעבן פון יעדן שריפטשטעלער קאָנען אויפקומען אַזעלכע אומשטאַנדן, ווען ער מוז ווערן אַ רויע וועאיינו ניכּע, ווען ער מוז "אָנטרעטן מיטן פוס אויפן האַלדז פון זײַן אייגענעם ליד".

אַרן ווערגעליס געהערט צו דעם דאָר יידישע שריפטשטעלער, וועלכע זײַנען פון די ערשטע טעג פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע אַוועק אויפן פראָנט און געקעמפט מיט דעם סוינע. ווי באַוווּסט, איז דאָסראָוו פון זיי אומגעקומען. אַרן ווערגעליסן האָט אָפּגעגליקט, ער איז, דאַנקען גאָט, ניצל געוואָרן און האָט באַלד געגעבן וועגן דעם צו וויסן:

טאַקע ניצל געוואָרן, מאַמע,
ניט געבראַכט דיר אין לעבן צאַר.
איצט דו האָסט ניט קיין זון אין דער יאַמע,
איצט דו האָסט ניט קיין קינד אין דעם יאַר.

אָט די פערזן האָט דער דיכטער אָנגעשריבן דעם 9 מײַ 1945, אין ערשטן טאָג פון ניצאָכן איבער די פאַשיסטישע כאַיאָלעס.

עפּעס הערט זיך נישט אין דער ליד ניט קיין פרייד, ניט קיין געזאַנג, ניט דער גרויסער כעזשבן, וועלכן עס האָבן מיט זיך געבראַכט די יידישע זעלנער, פּונקט ווי די זיגער בעכלאַל.

ווען כ.־נ. ביאַליק איז געשטאָרבן, האָט איינער פון זײַנע מיטצײַטלער — העברעישע פּאָעטן אָנגעשריבן:

באמצע הייו שורתו נפסקה (בעעמצא כאַיאָו שיראַטאָ ניפסאָקאָ — אין סאַמע מיטן פון זײַן לעבן האָט זיך איבערגעריסן זײַן געזאַנג). באַ ווערגעליסן און באַ זײַנע יידישע פּען־כאַווײרים פון דער דעמלטיקער צײַט האָט זיך די יידישע שירע איבערגעריסן ניט אין מיטן נאָר אין סאַמע אָנהייב פון זייער דיכטערישן וועג. דאָס איז געווען ניט זייער שולד, נאָר זייער פּערזענלעכע און געזעלשאַפטלעכע טראַגעדיע. מיר אַלע ווייסן, פאַרוואָס אַזוינס איז פאָרגעקומען. אין יענע יאָרן, ווי אויך שפּעטער, ביז דער העלפט פון די פופציקער, האָבן מענטשן מוירע געהאַט אַפילו פאַר זייער אייגן קאָל. אין דער ווילד־פאַרקנוילטער פּאָליטישער סיטואַציע זײַנען אומגעקומען הונדערטער אומשולדיקע ליטעראַטן. די גרויסע פאַרלוסטן האָבן ניט אויסגעמיטן

אויך די ייִדישע שרײַבער. סטאַלין און זײַנע סאַטראַפּן האָבן אַף אַ באַרבאַרישן אויפֿן אויסגעשניטן די שענסטע בניי האַדאָר — די באַגאַבטסטע ייִדישע קולטור־טוער. דאָס אַלץ האָט נישט געקאָנט זיך ניט אָפּרופֿן אַף די, וועלכע זײַנען אַלפּי נעס ניט פֿאַרניכטעט געוואָרן. מערער פֿון עפּעס אַנדערש האָט געליטן דאָס „פּינטעלע ייִד". די, וואָס זײַנען געבליבן אַף דער פֿרײַ, האָבן געמוזט עס, אויב ניט דערשטיקן, טאָ טיף, זייער טיף אויסבאַהאַלטן, שלינגען די טרערן און זינגען... זינגען... אין טאָג אָבער האָט אַף קיין איין מינוט ניט אויפֿגעהערט צו ווייטיקן בײַ זיי דאָס האַרץ:

ווײ איז מיר, דער בייזער שטורעם האָט אַ
נאַכט, ניט מער, געדויערט,
קאָן ניט זײַן, עס קאָן ניט זײַן, און ניט
איך גלייב און כ'וויל ניט הערן,
אַז דער שטורעם זאָל דעם וואַלד, ווי מיט
אַ בעזעם, לײַכט פֿאַרקערן.
— נעמט זיך אָן מיט קױכעס, ביימער,
ס'איז דאָס גראָז אײַך ביז די אַקסל,
נאָר ס'איז דאָ אַף וואָרצלען ערד נאָך,
וועט איר וואַקסן, וועט איר וואַקסן...

(„נאָך אַ שטורעם", 1957)

אין דער אַלעגאָרישער ליד קלינגט דאָך אונדזער אײביקער ניגון פֿון פּראָטעסט און פֿון עמונע גלײַכצײַטיק, דער „טרייסט זיך, טרייסט זיך, מײַן פֿאָלק" פֿון ירמעיאָהו און „שטאַרקן זאָלן זיך די הענט פֿון אונדזערע ברידער" פֿון ביאַליקן.

אַז דאָס איז טאַקע אַזוי, דערוויסן מיר זיך פֿון דעם דיכטער, ווען ער גיט אונדז אָנצוהערן, אַז ער האָט גאָרניט פֿאַרגעסן, אַז ער איז אַלץ אָט דער אַמאָליקער פֿון גאָט געבענטשטער מעשוירער, און ער וועט בײַ אים אומקערן זײַן שעם האַמפּוירעש, די נעגינע. ער איז גרייט פֿאַר דעם באַצאָלן אָרוועס־געלט, קעדיי מיט „לונגען פֿולע" זאָל ער קענען זינגען זײַנע רײַפֿע לידער.

...ניט פֿאַרלאָרן כ'האָב דײַן בראָכע, ניט
צעטרענצלט, ניט פֿאַרשווענדעט,
אין דעם גאָרגל שטעקט דער ניגון, וואָס
איך האָב אים ניט געענדיקט.
„אָדער זינגען, אָדער שטאַרבן!" — שרײַט
אַרויס פֿון מיר דער פֿויגל, —
טו אַ קוק: מײַן נעסט איז וואָרעם, איך
בין ניט אַוועקגעפֿלויגן.

(„קער מיר אום דאָס פֿײַפֿל", 1956)

וואָס איז דאָס? — נאָסטאַלגיע נאָך דער פֿרײַהײַט צו שאַפֿן, פּראָטעסט קעגן די, וואָס האָבן אָפּגענומען באַם ייִדישן דיכטער דאָס וואָרט, אָט וואָס דאָס איז! דער דיכטער דערציילט אונדז, אַז ניט געקוקט אַף אַלע זײַנע אויסגאַנגסלאָזע טעג, אַף אַלע וואַנדערנישן, איז ער געבליבן אַף דעם פֿריערדיקן אָרט — „מײַן נעסט איז וואָרעם — איך בין ניט אַוועקגעפֿלויגן..."

— ניט אַוועקגעפֿלויגן! און דער דיכטער דערציילט, וואָס ער האָט געטאָן נאָך דער מילכאָמע, ביז ס'האָט מיט סטאַלינס טויט זיך פֿאַרענדיקט די טקופֿע פֿון טעראָר:

כ'האָב אויך, ווי דו, מײַן אײװעלע,
געוואַרעמט פֿרעמדע אײװרימלעך.
---------------------------------
פֿון מיר פֿאַרפֿלויגן — אָפּגעווענדט
אַזויפֿיל פֿלאַמען — שוועלבעלעך,
אַז ס'איז גענוג אַ שוועבעלע,
אַ פֿונק, צי גאָר אַ ציגל־קלאַפּ,
און ס'ברענט! און ס'טירל צוגעקלאַפּט...

צי דערמאָנען אונדז ניט די דאָזיקע פֿערזן:

שמוני נוטרה את החרמים וכרמי שלי לא נתכתי? (שיר־האשירים, א, ו).[7] אַך, וויפֿל מי איז אָפּגעגעבן, אַך, וויפֿל פֿלאַמען זײַנען אַרויסגעפֿלויגן, אָבער ניט אַלץ פֿאַרלוירן געוואָרן, אין דעם דיכטערס האַרץ ברענט דער ניצוץ, נאָר „דאָס טירל" איז נאָך אַלץ פֿאַרמאַכט, צוגעקלעפּט.

אין די לעצטע פֿופֿציקער יאָרן, ווען קיין איין פֿאַרלאַג אין לאַנד האָט נאָך ניט געדרוקט קיין ווערק מיט ייִדישע אויסיִעס, נאָר אַרויסגעבן אָן איבערגעזעצטן בוך אַף רוסיש האָט מען שוין געמעגט, — דאַן ווערט ווערגעליס פֿאַרוואַנדלט אין אַ קוואַל פֿון ענערגיע, ער רוט ניט באַטאָג און באַנאַכט, און פֿאַר געציילטע דרײַ צי פֿיר יאָר שטעלט ער צונויף און לאָזט אַרויס אין פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" אין דער איבערזעצונג אַף רוסיש אונטער דער אייגענער רעדאַקטור און מיט אייגענע אַרײַנפֿיר־אַרטיקלען די ביכער פֿון

מאַרקישן, דאָוויד בערגעלסאָנען, אַרן קושנירעאָוון, איציק פעפערן, איזי כאַריקן, יאַנקעוו שטערנבערגן, מוישע גאָלדשטיינען, שמועל ראָסינען, אָן אייגענע לידער־זאַמלונג און, צולעצט, דאָס ערשטע שוועלבעלע אַף ייִדיש — שאָלעם־אַלייכעמס בוך צום 100־יאָריקן געבורטסטאָג פונעם קלאַסיקער. דאָס אַלץ איז אָבער נאָך ניט דאָס דעראָבערטע רעכט פון דער ייִדישער ליטעראַטור צו דרוקן זיך אַף מאַמע־לאָשן. מיטן אַרויסגעבן אַף רוסיש וואַרעמט מען דערווײַל „פרעמדע אייוורימלעך״, און פון דעם קאָן מען גליקלעך ניט ווערן, און כאָטש, ווען דער דיכטער ווײַזט זיך פאַרן אוילעם, מאַכט ער זיך פריילעך, דאָך גלייבן מיר אים ניט, ווײַל אינדערעמעסן איז אַלץ פונקט פאַרקערט:

דאָס האַרץ — עס מעג זיך פאַרגיין
אַזוי ווי אַ קינד אין געיאָמער,
נאָר מאַכן אָן אָנשטעל לאָמיר,
אַז קיינער האָט ניט געוויינט.
מאַמעניו, האַרצעניו, איילעך,
קעצעניו, ליובעניו, פריילעך.
שפּיל, סאָלאָווייטשיקל, שפּיל,
עמעץ וועט קומען און הערן,
וועלן זיך שטעלן אים טרערן,
וועט ער צעוויינען זיך שטיל.

(„שפּיל, סאָלאָווייטשיקל״)

כאָטש ער מאַכט זיך קונדייסעוואַטע— „איילעך״, „פריילעך״, דאָך איז דאָס שוין ניט מער ווי אַ גרימאַסע, וועלכע מאַסקירט די עמעסע געפילן. פאַרלענגערן זײַן אָנשטעל „וועט דאָס סאָלאָווייטשיקל״, ער רופט עס אַ שפּיל צו טאָן, קעדיי די צוהערער זאָלן קאָנען זיך אויסוויינען... און אים איז זייער ניט גרינג דאָס לעבן. טאָג־אײַן, טאָג־אויס איז ער אײַן שפּאַן און פילט זיך, ווי דאָס רײַט־פערד, אַף וועלכן ער רײַט אַליין. אויך דעמלט איז דער דיכטער באַומרויִקט, פול מיט זאָרגן:

א שלאָפלאָזע נאַכט מאַכט ניט לענגער
דעם טאָג,
בלויז זיך און דעם אומעט מאַכט
לענגער, מאַכט גרעסער,
כ׳וועל בעסער שוין בײַשטיין דעם טרוים,
וואָס מיך טראָגט,
[illegible] אומרו דערשטיקן אין ברוסט וועל
איך בעסער...

(„ס׳וועט קומען דער טאָג״)

ס׳וואָלט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז באַקומענדיק די מעגלעכקײַט עפענען אַ ייִדישן זשורנאַל, דערפילן אָנשוילעך דעם באַרוף פון אַ לידער, וואָלט דער „קאָלבויניק״ געדאַרפט ווערן רויִקער, דערפילן זײַן קויעך. לאָזט זיך אָבער אויס, אַז דאָס איז ניט אַזוי. עפּשער נאָך מער, ווי פריִער, פילט ער זיך אומבאַשיצט פון די פאַרשיידענע סאַקאָנעס. וועגן דעם רעדט דער דיכטער אָפן:

אפילע ווען איך זיץ
און טיף אין זיך איך בין פאַריגלט,
אפילע דעמלט זיץ איך אַף אַ דונער מיט
אַ בליץ
און אויסגעשפּרייט בײַ מיר זײַנען די פליגל.
אפילע ווען איך פלי
און ווינט און בלוט — אַרום און אין די
שלייפן,
אפילע דעמלט בין איך שטיל, ווי אינדערפרי
אָן אייפּעלע!...

(„אפילע״, 1963)

וואָס פאַר אַ באַדײַטונגפולע ליד! זי פאָדערט אַ פיירעש, ווײַל אין איר איז דאָ אַ רעמעז און אַ סאָד.

ניט „פאַרטראַכט״ אין זיך, נאָר „פאַריגלט״. דאָס הייסט פאַרשלאָסן, קיינער קאָן ניט אַרײַנדרינגען אין דעם, וואָס עס פילט דער דיכטער, „פאַריגלט״, — ער טאָר ניט קיינעם פאַרטרויען אַלץ, וואָס עס טוט זיך בײַ אים אין דער אָנגעווייטיקטער נעשאָמע, ווײַל ער זיצט אַף אַ זייער געפערלעך אָרט — „אַף אַ דונער מיט אַ בליץ״. דערפאַר טאַקע איז ער פאָרזיכטיק אָנגעשפּאַנט — זיצט מיט אויסגעשפּרייטע פליגל, גרייט אוועקצופליִען פון דער דראָענדיקער סאַקאָנע. און פאַרענדיקט זיך די ליד מיט אַן אָנהערונג, אַז ער איז אומבאַהאָלפן ווי אַן איי־פּעלע.

# אין די טריט פון דער „פּערעסטראָיקע“

שוין 6 יאָר, ווי בא אונדז אין לאַנד גייט די „פּערעסטראָיקע“ (איבערבויונג), די שלאָגט זיך דורך א וועג מיט גרויסע שוועריקייטן, עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע אופטרייסלונגען. זיי ווירקן דירעקט אף יעדן יאָכיד און אף דער גאַנצער געזעלשאַפט, אף דער קונסט און ליטעראַטור. אין דער רוסישער דיכטונג זײַנען די ערשטע, וועלכע האָבן אראָפּגעריסן דעם צודעק פון דער פריערדיקער טאָטאַליטאַרער סיסטעם אין אונדזער לאַנד, געווען אנא אכמאַטאָווא[8] און אלעקסאַנדער טוואַרדאָווסקי[9]. אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע האָט זיך דער איבערבויונגס־פּראָצעס אָנגעהויבן א סאַך שפּעטער און גייט מיט לאַנגזאַמע טריט. ביז הײַנט זײַנען אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, אכוץ ווערגעליסעס איבערזעצונגען פון אכמאַטאָוועס „רעקוויעם“ און טוואַרדאָווסקיס „אין רעכט פון דעם זיכּאָרן“, דערווײַל ניט דערשינען קיין פּאָעמעס און לידער־ציקלען, געווידמעט דער טעמע.

פונדעסטוועגן, באַם דעטאַלן אנאַליז פון דעם, וואָס עס דערשײַנט אין אונדזער ייִדישער פּעריאָדיק, קאָן מען פעסטשטעלן, אַז דער פּראָצעס האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

די שוועריקײַטן, די לאַנגזאַמקײַט און די גרויסע פאָרזיכטיקײַט, מיט וועלכע עס קומט פאָר דאָס אופלעבן פון דער ייִדישער דיכטונג אין די הײַנטיקע צײַטן בא אונדז אין לאַנד, וואַרפן זיך אין די אויגן באַם אויספאָרשן און פאַרגלײַכן די לידער, וועלכע זײַנען אַרײַן אין ווערגעליסעס לעצטע צוויי גרויסע לידער־זאַמלונגען: די ערשטע — „פון אלעף ביז טאָף“, וועלכע איז אַרויס אין 1970, אין דער סאַמע טיף פון דעם „סטאַגנאַציע־פּעריאָד“ אין אונדזער לאַנד, און די צווייטע — „צויבערגאַנג“, וועלכע איז דערשינען קימאַט מיט 20 יאָר שפּעטער (1989). לאָמיר אָנהייבן פון דעם טיטל, פון דעם נאָמען, וואָס עס טראָגט די ערשטע זאַמלונג — „פון אלעף ביז טאָף“. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער מעכאַבער האָט די פולע רעכט אָנרופן זײַן ווערק אַזוי, ווי ער פאַרשטייט. אין יעדן פאַל אָבער דאַרף דער נאָמען מיט עפּעס באַצייכענען דעם טאָך פונעם בוך. אין פאַל מיט „פון אלעף ביז טאָף“ איז ניט גרינג דאָס באַנעמען. ווי באַוווּסט, איז דער „ת“ און אויך דער „ח“ אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון דער סאָוועטישער ייִדישער אָרטאָגראַפיע. אין די 242 לידער, וועלכע זײַנען אַרײַן אין „פון אלעף ביז טאָף“, וועט דער לייענער ניט געפינען דעם „ת“ אפילע קיין איין מאָל. צו וואָס זשע האָט באַדאַרפט אַרן ווערגעליס אָנרופן אַזוי זײַן בוך?

מע קאָן אף דער פראַגע ענטפערן, אַז דער „ת“ איז אַרויסגעפאַלן נאָר פון דער שרײַב־שפּראַך. אינעם אויצער פון דער אומגאַנג־שפּראַך איז ער פאַרבליבן, ווי עס זײַנען פאַרבליבן א סאַך אידיאָמען, וועלכע ווידערשפּרעכן דער אידעאָלאָגיע פון אייניקע מענטשן, לעמאָשל, גאָט צו דאַנקען, אימירצעשעם, לעמאַנהאַשעם אאַ. די גרעסטע אפּיקאָרסים, וועלכע גלייבן ניט אין גאָט, באַנוצן זיך אין דער טאָגטעגלעכער שפּראַך מיט אָט די אויסדרוקן און קאָנען זיך ניט באַגײן אָן זיי.

עס לאָזט זיך אָבער אויס, אַז דער דיכטער האָט ניט רעאַבילִיטירט דעם „ת“ און ניט אים האָט ער געמיינט. ער האָט אויסגענוצט בלויז דעם קלאַנג „טאָף“ צוליב גאָר אַנדערע טײַמים:

פון אלעף ביז טאָף,
פון אָנהייב ביז סאָף.

---

דער סאָף ווערט אָן אָנהייב, דער טאָף
ווערט אָן אַלעף.
„דער סאָף איז קיין סאָף ניט, דער סאָף
ווערט א העמשעך,
און קורץ איז דער מעהאַלעך פון וועלן
ביז מוזן.
איז גיי צו די הערצער! איז קוק אף
די ליפּן,
איז גיי אום צו כאָלעם, מײַן מוזע, מײַן ליבע.
זאָלסט גאָרניט פאַרבײַגיין,
זאָלסט גאָרניט פאַרשווײַגן
פון אָנהייב ביז סאָף,
פון אַלעף ביז טאָף...

(„פון אלעף ביז טאָף“. ז. 213)

די דאָזיקע ליד האָט ווערגעליס אָנגעשריבן אין 1953, אײנגיכן נאָך סטאַלינס טויט. און ווי עס איז צו זען, איז דער מעהאַלעך פון "וועלן" ביז "קענען", ביז "מעגן" געווען זייער ניט קיין קורצער. 17 יאָר האָט געדויערט, ביז ס'איז מעגלעך געוואָרן, אַז די ליד זאָל דערזען די ליכטיקע שײַן. זי איז אײנציײַטיק דער סאָף פון אײנע מאָטיוון און דער אָנהייב פון נײַע מאָטיוון, אָדער עפּשער איז זי א נײַער צוגאַנג צו דער ייִדישער שורע, צו דעם ייִדישן ניגון?

באַם שטודירן און פאָרשן אַרן ווערגעליסעס לידער אין לעצטן זאַמלבוך קאָן מען זיך איבערצײַגן, אַז דער דיכטער האָט ניט אָפּגענאַרט דעם לייענער. עפּשער לאַנגזאַם, זייער פּאַמעלעך, נאָר אָט די ליד איז טאַקע געוואָרן אַן אָנהייב פון נײַע קלאַנגען און נײַע מאָטיוון אין דעם דיכטערס מוזע.

קעדײַ באַשטעטיקן, אָדער סויסער זײַן די אויבנצוגעזאָגטע נײַע אָנהייבן, איז וויכטיק אויסצופאָרשן דעם לעקסישן באַשטאַנד פון דעם דיכטערס שפּראַך — וויאַזוי האָט זי זיך געענדערט פאַר דער צײַט פון זײַן פּאָעטישן שאַפן. אַזאַ מין אויספאָרשונג איז וויכטיק אויך דערפאַר, ווײַל די ייִדישע לינגוויסטיק האָט ביז איצט זיך זייער ווייניק פאַרנומען מיט פאָרשן די ליטעראַרישע שפּראַך פון דער דיכטונג. כוץ הערש רעמעניקן, וועלכער האָט בעשאַטוי געמאַכט אַזאַ אויספאָרשונג בענעגייע שמועל האַלקינס לידער, ווייס איך ניט קיין איין אַרבעט אָף אָט דער טעמע. פאָלעמיזירנדיק מיט מוישע ליטוואַקאָווס באַהויפּטונג, אַז האַלקינס טאַלאַנט איז מער פאַרבונדן מיט העברעיִש, ווי מיט ייִדיש, האָט רעמעניק דורכגעפירט אַן אינטערעסאַנטן סטאַטיסטישן אַנאַליז פון איין און דער זעלבער צאָל ווערטער (אַרום זעקס טויזנט) אין אָשער שוואַרצמאַנס, דאָוויד האָפּשטיינס און שמועל האַלקינס לידער, אויסטיילנדיק דערבײַ די צאָל און דעם פּראָצענט העברעיִשע ווערטער. דער רעזולטאַט איז געווען אַזאַ: בא שוואַרצמאַנען האָבן די העברעיִשע ווערטער פאַרנומען 1,8 פּראָצ., בא ד. האָפּשטיינען 1,8 פּראָצ. און בא ש. האַלקינען בלויז 1,4 פּראָצ. אַזוי אַרום, האָט ה. רעמעניק דערוויזן, אַז ש. האַלקין איז ניט מער "העברייער" פון זײַנע פען־כאַווײרים, וועלכע ליטוואַקאָוו האָט ניט געקאָנט "באַשולדיקן", אַז זייער טאַלאַנט איז פאַרבונדן מיט דער "נאַציאָנאַליסטישער" שפּראַך.

אַן ענלעכע אויספאָרשונג האָבן מיר דורכגעפירט אין א. ווערגעליסעס לעקסיק, וואָס ער ניצט אויס אין דעם בוך "פון אַלעף ביז טאָף".

אין אָט דעם בוך זײַנען אַרײַן 242 לידער און געזאַנגען, וועלכע ווערגעליס האָט פאַרפאַסט בעמעשעך פון 30 יאָר (1940 — 1970). אין 157 לידער, אָנהייבנדיק פון דער ערשטער ליד (ז. 5) "אונדזער געבאָט" און ביז דער ליד "פויגל־הויך" (ז. 209), וועלכע אַנטהאַלטן 18043 ווערטער, געפינען זיך 173 העברעיִשע ווערטער, דה. אײנגאַנצן 0,9 פּראָצ., א סאַך ווייניקער, ווי הערש רעמעניק האָט געפונען אין האַלקינס לידער.

עס שטעלט מיט זיך פאָר אויך א געוויסן אינטערעס די אָנזעטיקונג מיט העברעיִשע ווערטער אין יעדער ליד באַזונדער.

די אונטערציילונג האָט באַוויזן, אַז אין 56 ערשטע לידער פון דער זאַמלונג (דה. 35 פּראָצ.) האָט זיך ניט געפונען קיין איין העברעיִש וואָרט, נאָך אין 56 — בלויז איין וואָרט, צו צוויי העברעיִשע ווערטער האָבן מיר געפונען אין 24 לידער, צו דרײַ ווערטער — אין 8 לידער, אין די לעצטע 10 לידער — פון 4 ביז 7 ווערטער אין יעדער ליד.

גאָר אַנדערע ווערטן האָבן מיר באַקומען אין דעם צווייטן טייל פון דער לידער־זאַמלונג. אין דעם טייל פון דער זאַמלונג, וועלכער שטעלט פאָר טאַקע די אָפּטיילן "פון אַלעף ביז טאָף", זײַנען אַרײַן 80 לידער (ז. 230 — 308), וועלכע באַשטייען פון 7806 ווערטער, צווישן זיי 265 העברעיִשע. דאָס הייסט 34 פּראָצ. — 4 מאָל מער, איידער אין די לידער, וועלכע זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן אין די פריִערדיקע (1940 — 1953) יאָרן. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז בלויז אין 7 פון די 80 לידער איז ניטאָ קיין איין העברעיִש וואָרט. אין 11 לידער — פון פינף ביז 14 העברעיִשע ווערטער אין יעדער ליד.

אזויארום, באקומט זיך, אז לויט דער אָנגעזעטיקטקייט פון דער פּאָעטישער שפּראך מיט העברעיזמען האָט ארן ווערגעליס פאר 30 יאָר פון זיין פּאָעטישער מי (1970 — 1940) דורכגעמאכט א זייער פרוכטבארן וועג. זיין שפּראך איז באריַיכערט געוואָרן מיט העברעישע ווערטער, אפאָריזמען און אידיאָמען, און מיט דעם האָט ער פארשטארקט זיין פארבינדונג מיט דער יידישער דיכטערישער טראדיציע.

אין דעם צווייטן טייל לידער, וועלכע זיינען אָפּגעדרוקט אין זעלבן ביכל, אָנהייבנדיק פון דער ליד "פון אלעף ביז טאָף" (ז. 213) און פארענדיקנדיק מיט דער לעצטער — "מיט מארק שאגאלן אין שטעטל סען פּאָל דע וואנס" (ז. 308), אין 80 לידער האָבן מיר אָנגעציילט 7806 ווערטער, צווישן זיי 265 העברעישע — דה. 34 פּראָצ., פיר מאָל מער, איידער אין די לידער, וועלכע זיינען אָנגעשריבן אין די פריערדיקע יאָרן.

נאָך בוילעטער וויַיזן זיך ארויס די שפּראַך־ענדערונגען אין די לידער, וועלכע זיינען אריַין אין צווייטן — לעצטן בוך "צויבערגאנג". שוין באם בלעטערן די זאמלונג איז גרינג צו דערזען, אַף וויפל עס האָט זיך געענדערט דער לעקסישער באשטאנד פון א. ווערגעליסעס פּאָעטישער שפּראך. כאראקטעריסטיש אין דעם פּראט זיינען די ערשטע צוויי ציקלען — "העמשעך" און "זיכרוינעס פון דער וויַיט" — 87 לידער. זיי באשטייען פון 146.47 ווערטער, אין וועלכע ווי מאָן־קווייטן האָבן זיך צעבליט 624, דה. 4,3 פּראָצ. העברעיש. נאָך מער — 255 (40 פּראָצ. פון זיי האָבן זיך אריבערגעקליבן פון פארשיידענע ערטער) אין דער פּאָזיציע פונעם גראם. דאָס אלץ באוויַיזט, אז ניט געקוקט אַף דעם, וואָס לאנגע יאָרן האָט דער דיכטער (צוליב פארשטענדלעכע סיבעס) זיך זעלטן געניצט מיט די וויַיניקער פארשפּרייטע יידיש־העברעישע ווערטער, זיינען זיי דאָך ניט פארפאלן געוואָרן — זיי האָבן עקזיסטירט אין דעם דיכטערס זינען, געפירט אן "אונטערערדישן קיעם" און געוואוקט דעם פּאָעטישן נאציאָנאלן זיקאָרן. און ווען עס האָבן זיך געענדערט די פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע אומשטאנדן אין לאנד, האָט דער מעשוירער ארויסגעלאָזט זיי אַף דער פריַי, געגעבן זיי ווינאָרט אין זיין דיכטער־לאנד. און ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, פירן זיי דאָרט א היימיש לעבן: קריגן זיך ניט מיט זייערע שכיינים, באפרוכפערן איינע די אנדערע. נאָך א לאנגן איבעררייס האָבן זיך, ווי מיר זעען, באוויזן דער "ח" און דער "ת" אין דער ליד רצחת וגם אשת (ז. 122).

דאָס "פינטעלע ייד" טיילט זיך בוילעט אויס ניט נאָר אין דער לעקסיק פון ווערגעליסעס לידער, ווי עס איז צו זען פון דער פארגליַיכונג פון די צוויי גרויסע זאמלונגען "פון אלעף ביז טאָף" און "צויבערגאנג". די איקערדיקע ענדערונגען האָבן אָנגערירט די בילדערישקיַיט און מעטאָפאָרישקיַיט, די קינסטלערישע סימבאָליק און די פארבינדונג מיט דער ליטערארישער טראדיציע. אויב אין "פון אלעף ביז טאָף" קאָן מען אָנציילן איין־צוויי צענדליק לידער, וועלכע האָבן א דירעקטע שייַכעס צו דעם יידן, צום יידישן לעבן אין לאנד און אין דער וועלט, איז אין "צויבערגאנג" א גאנצע איבערקערעניש אין דער פּראט — 70 לידער זיינען נאציאָנאלע ניט נאָר לויט דער פאָרם, נאָר אויך לויטן טיפן אינהאלט.

אזעלכע לידער, ווי, לעמאָשל, "איך דערמאָן זיך אין מיינע מומעס", "א טפילע", "א כאָלעם", "דער אייביקער ייד", "גאָט באהיט", "מאמע", קי טויוו", "די טיַיווע", "קיינעם האָט נאָך ניט פארשאט", רצחת וגם אשת", "א פּאָסעק פון מישנע", "אומשולדיקע קאָרבאָנעס", "לאָמיר ריידן פון די קדושים", "א יידישע לעוויע", "א קויסל פאר אנא פראנק", "טאמוז", "כעסעד וועעמעס", "זיקאָרן", "לאגבוימער", "איך בין זיך מוידע", "בעשאָלעם", "דאָס פינטעלע ליד" און א סאך, א סאך ענלעכע לידער, מאכן אַף דער לייענער א גרויסן רוישעם מיט זייער נאציאָנאלן טאָך, מיט דער אייגנטימלעכקיַיט און מייסטערשאפט. ווער האָט זיך דאָס געקאָנט ריכטן אַף אזא מין מויפעס, אז דער "קאָלבויניק" זאָל זיין אזוי אריַינגעטיפט אין דעם יידישן אוצער, אין דער טראדיציאָנעלער יידישער טעמאטיק!

און נאָך איין אינטערעסאַנטע דעטאַל. אין "צויבערגאַנג" האָט א. ווערגעליס איינגעשלאָסן אַרום 25 לידער וועגן "מילכאָמע און פרידן", צווישן זיי 25 שלאַכט־לידער, וואָס זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן אין די יאָרן פון קריג, אפן פראָנט און זײַנען ניט אַרײַן אין דעם דיכטערס פריערדיקע ביכער, ווײַל לויט זייער אינהאַלט זײַנען זיי אָנגעלאָדן מיט "צופיל" נאַציאָנאַלן ווייטיק. אין דער ליד "לאָמיר ריידן פון די דורישים" געפינען מיר אַזעלכע שורעס:

ייִדן האָבן ניט געקניִעט,
שטיין געבליבן, פול מיט צאַר,
אין דעם יאָמער־טאָל פון קיִעוו,
אין דעם שוואַרצן באַבי יאַר.
מוטער־נאַקעט באַם צעשיסן,
מיט דעם לעבן ניט צעקריגט.
פרויען — זיך פאַרשטעלט די בריסטן,
מאַנצבלעטן — אָפּגעפירט דעם בליק.

(״לאָמיר ריידן פון די קדושים״, ז. 162).

צי הערט זיך ניט אין דער ליד די נעגינע פון איל מאָליי ראַכמים? די אייגענע מאָטיוון, די אייגענע ווייטיקן שרײַען אַרויס פון דער ליד "ציפערן" — וועגן די ציפערן פון דער ייִדן־פאַרניכטונג. א גרויל כאַפּט אָן דעם לייענער, בייס ער כאַזערט איבער די שורעס פון דער ייִדישער לעווײַע. דער דיכטער האָט באַזוכט דעם מוזיי אין געוועזענעם פאַרניכטונגס־לאַגער אָשווענטשים. דאָרט האָט אַן אַלטער ייִד דערזען א שטיקל זייף.

ס'איז יודן־זייף! מע טאָר ניט אָפּלייגן!
ביז ס'קומט די נאַכט,
מיר וועלן ברענגען אָט דאָס שטיקל זייף
צו קווורע...
מע האָט געבראַכט א טאַרע־ברעט אינעם
מוזיי, געקומען
זײַנען שנעל כעווורע קאַדישע, און
דער אַלטער ייִד געזאָגט האָט קאַדיש, און
א וואָרט
געזאָגט האָט אויך דער רוס מיט קאָל מיט
פעסטן.
דערנאָך מ'האָט אומגעקערט דאָס שטיקל
זייף אָף יענעם אָרט,
וווּ ס'איז געלעגן און גערופן "ניט פאַרגעסן!"

צי האָט אַזא ליד געקאָנט זיך באַווײַזן אין די יאָרן פון טעראָר? פאַרשטייט זיך, אַז ניין. אין יענע יאָרן וואָלט מען נאָר פאַר דעם וואָרט "קאַדיש" געמאַכט דעם פּאָרפאַסער פאַר א קאָסמאָפּאָליט, פאַר א ציוניסט, און מע וואָלט פון אים אַליין געמאַכט א שטיקל "זייף", "יודן־זייף".

אין דער ליד "דאָס פינטעלע ליד" באַגרענעצט זיך דער דיכטער מיט צוויי שורעלעך:

...ווײַל טאָמיד אין ערטער געהיימע איך היט
די ראָזשינקע דיכטונג, דאָס פינטעלע ליד.

(״דאָס פינטעלע ליד״, 1977, ז. 305)

אינדערעמעסן גייט דאָ די רייד ניט וועגן דעם "פינטעלע ליד", אַזא באַגריף איז ביכלאַל ניטאָ אין דער ייִדישער מעסוירע. קעדיי ס'זאָל ווערן פאַרשטענדלעך פאַר דעם לייענער, וואָס דאָס לידעלע מיינט, פאַרפאַסט דער דיכטער זײַן ליד, אין וועלכער ער צעקײַעט די קאַוואָנע:

בלויז אויב אינעם האַרצן וועסט געבן א
שניט,
דאַן ווידער וועט אופגיין דאָס פינטעלע ליד.
דו זײַ ניט קיין קאַמצן און זײַ ניט געהיט,
לאָז פינטלען, לאָז פינקלען דאָס פינטעלע ליד.
צום קאָפּ פון דעם האַרצן א שורע זיך ציט,
סע שטעלט זיך אין גאָרגל דאָס פינטעלע
ליד.
- - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - - -
ניט זאָג, אַז ביסט מאַט, און ניט זאָג, אַז
ביסט מיד,
שטעל אופעט א באַרג אַרום פינטעלע ליד.

(״סאָוועטיש היימלאַנד״. 1980. נומ. 10, ז. 77)

איצט בלײַבט נאָר אַראָפּנעמען דעם לאַמעד פון דעם וואָרט "ליד" און עס באַווײַזט זיך, אַז ניט "דאָס פינטעלע ליד" איז אויסן דער דיכטער. אינדערעמעסן גייט דאָ די רייד וועגן דעם "פינטעלע ייִד".

אין דעם "צויבערגאַנג" טרעפן מיר נאָך איין נײַע דערשײַנונג אין א. ווערגעליסעס דיכטונג. פריער האָט דער פּאָעט זיך ניט גענוצט מיט עפּיגראַפן, מאָטאָס. אין "צויבערגאַנג" הייבן זיך אָן א סאַך לידער מיט אויסצוג־עפּיגראַפן פונעם טאַנאַך, פון מישנע און פונעם מעדרעש.

„דער מענטש איז געגליכן צו א לייטער, וואָס איין עק זײַנער שטייט אַף דער ערד און א צווייטער דערגרייכט ביז צום הימל, און אלע האַנדלונגען, אופטוען און רייד פון דעם מענטשן צעטרייסלען דעם הימל".

(בעש"ט, ז. 61)

דער דיכטער האָט זיך ווידער געווענדט צו דעם באַלשעמטאָוו, צו דעם זעלבן, פון וועלכן עס האָט זיך אָנגעהויבן זײַן נעגינע, זײַן ריבוינעשעלוילעם. זײַן גאַטעניו, טאַטעניו... איז דאָס ניט דער גילגל פון א ניגן?

# א שווערער, פרוכטבאַרער וועג

פון סאמע אָנהייב האָבן מיר ניט געהאַט בעדייע געבן א ליטעראַטור־פאָרשערישן קאָמענטאַר צו אַרן ווערגעליסעס דיכטונג. מיר זײַנען זיכער, אז מיט דעם איניען וועלן זיך נאָך פאַרנעמען מער באַגאַבטע קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער. אונדזער אופגאַבע איז באַווײַזן, אז ווערגעליס איז א טיף נאַציאָנאַלער דיכטער, וועלכער איז ענג פאַרבונדן מיט דער יִדישער טראַדיציע, היט אָפּ די ירושע פון זײַנע פאָרגייער און האָט זײַן אייגנאַרטיקן וועג אין דער דיכטער־טווירע, אין וועלכער ער שרײַבט אַרײַן זײַן אייגענע פאַרשע.

עס ווילט זיך האָפן, אז אין די איבערגעבראַכטע שורעס האָט זיך אײַנגעגעבן אין א געוויסער מאָס אויסצופילן די דאָזיקע אופגאַבע.

פאַר זײַן האַלבן יאָרהונדערט פּאָעטישער מי האָט אַרן ווערגעליס דורכגעמאַכט א גרויסן, שווערן, פרוכטבאַרן וועג. אויסער ראָמאַנען, פּראָזאַאישע מיניאַטיורן, דראַמאַטישע, פּובליציסטישע, ליטעראַטור־פאָרשערישע ווערק, האָט ער באַשאַפן הונדערט און הונדערטער לידער און פּאָעמעס, אין וועלכע ס'ווערט רעאַליזירט זײַן פאַרבינדונג מיטן רעאַלן לעבן און דערהויפּט די פאַרוואָרצלטקייט אין דער געשיכטע פון זײַן פאָלק. די לידער זײַנען אָנגעשריבן אין פאַרשיידענע מאָסן און ריטמען, זיי פאַרמאָגן אזוינס, וואָס איבערראַשט אָפט דעם לייענער מיט דער אָריגינעלקייט און פרישקייט. זינט עס איז אַרויס ווערגעליסעס ערשטער בוך „באַם קוואַל", איז ער געגאַנגען פון איין דערגרייכונג צו א צווייטער, און אָט דער צויבערגאַנג אײַנגאַנצן גענומען שטעלט מיט זיך פאַר אַן אָנגעזעענעם בײַטראָג צו דער יִדישער וואָרט־שאַפונג.

אַרן ווערגעליסעס לידער זײַנען פול מיט אומדערוואַרטע בילדער, מיט אַלערליי פאַרגלײַכונגען און פּראָפּעסיאָנעלע געפינסן. יעדעס בילד רופט אַרויס באַם לייענער א געוויסע זעונג, און עס ווערט מעגלעך צו דערהערן דער פּאָעטס קאָל, זײַן אינערלעכע מוזיק, זײַן יִדישע נעגינע. אין דער ליד „פון פופציק ביז זעכציק" („צויבערגאַנג" ז. 42), וואָס דער דיכטער האָט פאַרפאַסט צו זײַן זעכציקסטן געבורטסטאָג, לייענען מיר:

עס לויפט, עס יאָגט מײַן צוג,
אין וועג אַרײַנגעטאָן,
אָט קייטל איך שוין צו
דער פופציקסטן וואַגאָן.

היי, רעדעלעך, דרייט זיך
מיט אימפעט געשווינד,
איך מאַך א בראָכע
איבערן ווינט.
די שפּאַלעס דערפילן
איעדן דריי,
ווען כ'בינד צו די טפילן
מיט רעלסן צוויי.

היי, קוימענדל, רויכער
און אָטעם פרײַ,
אין דיר, ווי אין שויפער,
איך בלאָז מיט א פײַף.
היי, צוג, האָב ניט מוירע
די ווײַט וועק,
איך לײַי'ן א בלאַט טוירע
אין סייפער פון וועג.

(ז. 42)

ווען מע לייענט אָט די סטראָפעס, הייבט מען אָן גלײַך זינגען, ווײַל די

מוזיק פונעם וואָרט רעגט אָן צו געזאנג. עס ציִען צו די אופמערקזאמקייט ווערטער, וועלכע זיינען אריינגעפירט אין גראס — טפילן, שויפער אא. אין זיי דערפילט דער לייענער דעם גילגל פונעם ניגון באם דיכטער ארן ווערגעליס, וועלכער זינגט מיט "אזא פעסטן גלויבן, אז עס ווערט ווייטער גוט. עס ווילט זיך לעבן, עס ווילט זיך האָפן" (י.־ל. פערעץ "א גילגל פון א ניגון").

די דאָזיקע אויספאָרשונג איז געווידמעט דעם "פינטעלע ייִד" בא א סאָוועטישן ייִדישן דיכטער, וועמענס נאָמען איז באוווּסט אין דער ייִדישער וועלט, און ער האָט עס פארדינט. נעמענדיק זיך פאר דער פען, האָבן מיר געהאט נאָך איין קאוואָנע — מיטווירקן, ס'זאָל זיך איינשטעלן שאָלעם צווישן די פארשיידענע מינים שרייבער איבער דער צעשפרייטער איבער פיל לענדער ייִדישער ליטעראטור, אומאָפּהענגיק, צי זיי זיינען כאסידים אָדער מיסנאגדים. יעדערער פון זיי האָט דאָס רעכט צו דאווענען לויט זיין נוסעך, און די ליטעראַרישע קריטיק דארף זיך אנטוויקלען מיט אָפּשיי צו דעם מעכאבער און מיט זאָרגעווודיקער אופמערקזאמקייט צו דעם, וואָס ער האָט באשאפן. אידעאָלאָגישע דיסקוסיעס און פּאָלעמיק איז שטענדיק געווען אייגנטימלעך אונדזער ליטעראטור. הילעל און שאמאי האָבן דאָס גאנצע לעבן פּאָלעמיזירט, אָבער קיינמאָל איינער דעם אנדערן קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט. אויך די צוויי באוווּסטע טאנאָים אביייע און ראווע האָבן זיך שטענדיק געאמפערט, ווען ס'איז געגאנגען א רייד וועגן אויסטייטשונגען פון דער אָדער יענער האלאָכע, נאָר זיי זיינען געבליבן צווישן זיך גוטע־פריינט. וועגן זיי ווערט געזאָגט אין דער געמאָרע: מאר אָמאר כאדאָ, וועמאר אָמאר כאדא פליגיי, דה. איינער האָט געזאָגט אזוי, און דער צווייטער האָט געזאָגט אנדערש. נאָר מע האָט זיך ניט געקריגט. דאָס איז געווען דער שטאָלץ פון די טאנאָים און זייער אָנזאָג פאר די קומענדיקע דוירעס.

מע דארף אויך ניט פארגעסן דעם אפאָריזם, וועלכן ס'האָבן שטענדיק געהאלטן אין זינען אונדזערע כאכאָמים: "דערעכערעץ קוידעמעס לעטוירא". דאָס באטייט, אז דערעכערעץ גייט פאָרויס פאר דער טוירע, פאר דעם לערנען. אָט די אקסיאָמע שאט ניט צו געדענקען ·ביידע צדאָרים, סיי ארן ווערגעליסן, סיי זיינע קריטיקער — אפילע אין דעם גרעסטן ברען פון דער פּאָלעמיק! לאָמיר האָפן, אז אזוי וועט טאקע זיין. אָמיין.

## באמערקונגען

1) ד'ר א. מוקדוני, "דער מענטש און דער שריפטשטעלער" אין דעם בוך "דער לעבעדיקער", ניו־יאָרק, 1938, ז. 7, ציטירט אין דער טראנסקריפּציע פון דעם אָריגינאל.

2) כ.־נ. ביאליק. די ערשטע שורעס פון זיין המתמיד (האמאסמיד) הייבן זיך אָן מיט די דאָזיקע ווערטער: צי ווייסטו, פונוואנען איך האָב געיארשנט מיין ליד...

3) בלעטלעך פון א קריטיקערס נאָטיץ־בוך. אלמאנאך "סאָוועטיש" נומ. 13, 1941.

4) ה. רעמעניק. "שטאפלען. פּאָרטרעטן פון ייִדישע שרייבער. 1982, ז. 149.

5) אז ישיר משה. דאָס איז די ערשטע פּאָעטישע פארפאסונג, וועלכע ווערט געבראכט אין דער ביבל. אין כומעש שמות, פרשה בשלח. זי ווערט צוגעשריבן מוישע ראביינון. ער האָט זי געזונגען נאָך דעם, ווי די ייִדן זיינען אריבער דעם יאם סוף.

6) ראָים וועאיינאם ניכום" — זיי זעען אלץ, נאָר קיינער זעט זיי ניט.

7) "סאמוני נויטיירא עס האכארמים וועעס קארמי שעלי לוי נאטארטי, — מע האָט מיך געמאכט פאר א היטער פון פרעמדע ווייַנגערטנער, מיין ווייַנגאָרטן אָבער האָב איך ניט פארהיט (שיר־האשירים, 1, 6).

8) א. אכמאטאָווא. רעקוויעם. איבערגעזעצט פון א. ווערגעליסן. "סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 1, 1989.

9) א. טווארדאָווסקי. אין רעכט פון דעם זיקאָרן. איבערגעזעצט פון א. ווערגעליסן. "סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 1, 1989.

שמועסן

# די אידענטישקײַט פונעם "איך"

דער יעסאָד פון קלוגשאפט, דער באזיס פון עמעסער כאָכמע איז דאָס באגרײַפן, אז מע דארף מוירע האָבן פאר זיך אליין, פאר דעם אייגענעם "איך", אז דער אייגענער "איך" וועט באשטראָפן פאר די זינד, וועלכע ווערן באגאנגען קעגן אים.

עס באקומט זיך אין פלוג א טשיקאווע זאך. אין איין פערזאָן פאלן צוזאמען סײַ דער זינדיקער און סײַ דער באשטראָפער. מיר אליין ריידן זיך אײַן צו באגיין די זינד, דערנאָך פלאָגט אונדז דער אייגענער געוויסן. מיר פארפאָלגן זיך אליין מיט א כאראָטע־געפיל. און צום סאָף באשטראָפן מיר זיך דורך דעם, וואָס מיר רופן ארויס שעדלעכע קאָנסעקווענצן אלס רעאקציע צו אונדזערע שעדלעכע מײַסים.

נאָך מער, מיר פארמאסערן זיך אליין פאר אנדערע. מיר גיבן זיך אליין ארויס, מיר פאראטן זיך. דער "איך" רעכנט זיך אָפּ מיטן באל־אווירע, אָדער ער מאכט שוין אזוי, אז אנדערע, פרעמדע, זאָלן זיך אָפּרעכענען, וואָס עס איז בעעמעס דאָס אייגענע.

אָבער צו דער זעלבער צײַט איז דער "איך" דער גרויסער באל־ראכמים, דער אומדערמידלעכער פארגעבער, דער גוטהארציקער סלחן־ומחלן. ווער קען זײַן אזוי שלעכט, אזוי גרויזאם, אז ער זאָל זיך אליין ניט וועלן פארגעבן? אויב ס'איז נייטיק פארשטיין אלע אומשטאנדן צו פארגעבן אלץ, איז דאָך דער אייגענער "איך" דער בעסטער ווייסער, דער גענויסטער פאָרשטייער, ווײַל ער איז געווען בעשאסמײַסע, ווען די אווירע, דער פעלער, די זינד אָדער דער טאָעס איז באגאנגען געוואָרן. נאָך מער, ער האָט דאָך, אין א געוויסן גראד, א שוטעף־טייל אין דעם. און דעריבער איז טאקע דער "איך" דער ערשטער צו שענקען א סליכע און מעכילע. "איך" איז די מידוס הארַאכמים.

אין דעם **איך**, אין דעם אזויגערופענעם אינדיווידּ, אין אָט דעם פסיכאָלאָגישן

אטאָם, ליגט פּאַרוויקלט דער גאַנצער פּסיכאָלאָגישער אוניווערס, דער פולער איין־סאָף פון נעשאָמעדיקײט. ווי אין אן עמבריאָן געפינט זיך די צוקינפטיקע דערוואַקסענע באַשעפעניש, ווי אין אן אַלגעבראַישער פאָרמולע איז פאַרבאַהאַלטן די אַריפמעטישע דעטאַליזירטע פאַנאַנדערפעניונג, פּונקט אַזוי געפינט זיך אין דעם איינצלנעם, אין דעם פּראַט דער גאַנצער פּסיכישער קלאַל. מאַכמעס קליין און גרויס זיינען בעעמעס איין און די זעלביקע גרייס, איין און די זעלביקע איינהײט. אין דער גרעסטער צאָל ליגט בלויז די צאָל, און אין דער קלענסטער צאָל איז ווידער דאָ ניט ווייניקער ווי א צאָל־איינהײט, וועלכע איז דאָ און דאַרטן די אַלציינע אידענטישע. געאָמעטריע פאַרמאָגט איין גלייכע ליניע, איין פּונקט, איין דרייעק, און אין פּסיכאָמעטריע, אין עקאָלאָגיע איז פאַראַן בלויז איין "איך" און קיין זאַך ניט מער.

א קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין א ציוויליזירטער סוויווע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, מיינט, אַז דער טעלעפאָן אין הויז, די וואַסער אין קיך, די עלעקטרישע באַלייכטונג, דאָס ראַדיאָ־קעסטל, פון וועלכן מע רעדט אַרויס און מע זינגט אַרויס, זיינען פּאַשעטע "נאַטירלעכע" איינריכטונגען, ווי, דערהיינע, די זון, וואָס שיינט אַריין דורכן פענצטער באַטאָג. פּונקט אַזוי מיינט דער דערוואַקסענער, וועלכער האָט זיך ניט אַריינגעטראַכט אין דעם איניען, אַז זיין "איך", אָט דער זעלבסטבאַוווסטזיין זיינער, די זיכערקײט פון זיין שטענדיקער אייגענער אידענטיטעט איז א פּאַשעטע פּסיכאָלאָגישע דערשיינונג. אים פאַלט גאָרניט איין, אַז עס האָט גענומען טויזנטער יאָרן ביז אָט די "איך"־דערקענטעניש און "איך"־אידענטיפיצירונג האָט זיך וויפל מעגלעך אויסקריסטאַליזירט, און אַז זי, די "איך"־גאַנצקײט, איז נאָך אַדהײעם ווײט פון איר לעצטן אַנטוויקלונגס־עטאַפּ. ער איז ניט כוישעד, אַז אָט דער פאַרהעלטניסמעסיק מאָדערנער אופטו, וועלכן מיר רופן "איך"־באַוווסטזיין, איז דער גרעסטער ווונדער אין גאַנצן באַשאַף. ער קאָן אַפילו ניט מעשאַער זיין, אַז די דאָזיקע דערשיינונג איז אַזוי קאָמפּליצירט, אַז ביזן הײנטיקן טאָג קאָנען מיר ניט באַגרײפן איר אַנטשטייונג און פונקציאָנירונג. בענעגייע דעם טשיקאַוון איניען זיינען מיר געצוווּנגען אָנקומען צו דער עמונע. און מיר טוען עס מיט דער אומקוואַליפיצירטער אָנגעטרויטקײט פון א קינד צו זיין מוטער, א געבוידערן, זויגערן און דערציִערן. און די עמונע דערקוויקט אונדז. זי נעדט אונדז מיט דער מילך פונעם אַבסאָליוטן גלויבן. און דער דאָזיקער גלויבן איז דער קוואַל, פון וועלכן דער זעלבסטבאַגלויבטזיין פליסט אַרויס.

עס איז אַזוי שווער טויפעס צו זיין דעם עצעם מעהוס פון דעם "איך", אַז אייניקע דענקער, פּסיכאָלאָגן און פילאָסאָפן האָבן זיך געוואָלט אויסדרייען פון דער שווערינקײט צו באַנעמען און דערקלערן די דאָזיקע טונקעלע פּראָבלעם, מיט א שפּיצל, וועלכער איז, אַגעוו, געוועזן ניט שטאַרק געלונגען. זיי האָבן פאַרלייקנט די גאַנצע זאַך, דעם "איך"־באַוווסטזיין. זיי האָבן געמאַכט אן אָנשטעל, אַז זיי לייקענען אָפּ די עקזיסטענץ פון דער "איך"־אידענטיטעט.

"עס איז פאַראַן נאָך עפּעס, וואָס איך קען ניט דערקלערן, און דאָס איז אָט די ווונדערפולע זאַך, וועלכע איך רוף פּערזענלעכע אידענטיטעט. וואָס אַזוינס איז עס דאָ אין דעם מאַרך, וואָס איז עס דאָ ערגעץ־ווו אין אָט דעם קערפּער, וואָס מאַכט מיך מעסוגל צו געדענקען און צו זאָגן: "איך בין דער יעניקער, וועלכער איז

געווען מיט צען יאָר צוריק אין אזא און אזא שטאָט, איך בין דער יעניקער וועלכער האָט אין לעצטן יאָר דורכגערייזט דאָס לאנד, דער, וועלכער איז געווען פארצארט, פארדייגעט, איך בין דער יעניקער, וועלכער בא אן אנדער געלעגנהייט איז געווען אנציקט פון ליבע, פון האָפענונג, פון עפּעס א ווונדערלעכער אנטפּלעקונג פון שיינקייט. מיר ווייסן, אז די טיילכלעך, וועלכע שטעלן צוזאמען דעם דאָזיקן קערפּער, געפינען זיך אין א שטענדיקער ענדערונג. עס איז ניטאָ קיין סטאביליטעט, ניט אין אייער קערפּער און ניט אין מיינעם... זינט איך בין דאָ געשטאנען, האָט מיין קערפּער דורכגעמאכט די עכסט ווונדערלעכע טראנספּאָרמאציעס. טיילכלעך, וועלכע זיינען געווען א טייל פון מיר, זיינען שוין מער ניטאָ, און טיילכלעך, וועלכע האָבן ניט געבילדעט א טייל פון מיר, זיינען עס איצטער יאָ. מיט יעדן אָטעם־צוג נעם איך אריין נייע מאטעריאלן, און דער אלטער אָפּגעניצטער שטאָף ווערט ארויסגעאָטעמט פון מיר דורך די פאָרן... דער מענטש איז ניט פיקסירט. איך האָב שוין געהאט דריי, פיר, פינף פארשיידענע קערפּערס, זינט איך בין געווען א קליין יינגעלע אין דער מוטערס שויס, און דאָך בין איך דער יעניקער, וועלכער האָט זיך געשפּילט ארום דער מוטערס קני. איך בין דער, וועלכער איז געגאנגען מיט מיין ברודער אין די סוידעספּולע וועלדער אריין, ווו איך האָב צום ערשטן מאָל אריינגעקוקט אין דער אומענדלעכקייט, דער יעניקער, וועלכער איז אין יענע פארגאנגענע טעג געלעגן אפן רוקן אונטער דיביימער און האָט געקוקט אף די וואָלקנס, ווי זיי איילן פארביי איבערן הימל, אף די אָונט־שטערן, וועלכע האָבן זיך באוויזן איינער נאָך דעם אנדערן, און האָב זיך געכידעשט איבער דעם סאָד פון דעם אוניווערס... איך בין דער יעניקער, וועלכער האָט דורכגעמאכט די דאָזיקע דערפארונגען פון יאָרן צוריק און דאָך איז ניטאָ קיין איין טיילכל פון אָט דעם קערפּער ווי ער שטייט היינטצוטאָג, וועלכער האָט דורכגעלעבט וואָסערע־ניט־איז פון יענע דערפארונגען.

די טעאָריע פון מאטעריאליזם קען ניט דערקלערן אָט די גרויסע מיסטעריע, אָט דעם ווונדער, וואָס מיינע געדאנקען, מיינע געפילן, מיינע סעפּאראטע עמאָציעס קייטלען זיך צוזאמען און ווערן איינס. איך שפּיר איין עמאָציע אָט די מינוט, אן אנדערע — פינף מינוט שפּעטער, און דורך דעם גאנצן טאָג ווערט מיין לעבן צוזאמענגעשטעלט פון אָפּגעזונדערטע שפּירונגען. ווו איז דער פאָדעם, וועלכער בינדט זיי אלע צוזאמען און מאכט פון זיי אן איינס, אזוי אז איך קען זאָגן: "אָט די אלע זיינען מיינע"?.. דער מענטש איז דער באלכיי, וועלכער האָט אנטוויקלט א באוווסטזיין פון זיך זעלבסט".

די עמונע קומט אונדז דאָ צו הילף. דער "איך" וואָרצלט אין דער עמונע שלימע, אין גלויבן. **לעבן, גלויבן, לויבן** זיינען איינס אין דערווירקלעכקייט, ניט בלויז אין קלאנגען־קרויוועשאפט.

(פון אבע גאָרדינס ווערק "יידישקייט")

## פערעץ מארקיש

(1952 — 1895)



זעלטן־ווער "האָט די זכיה" צו זען זײַן אייגענעם נאָמען אין א שווארץ רעמל. פערעץ מארקיש האָט עס געהאט נאָך אין אָנהייב פון זײַן שעפערישן וועג. אין פּאָליטיש־ליטעראַרישן זשורנאל פון דער צענטראל־ביוראָ פון די יִדישע קאָמוניסטישע סעקציעס "די קאָמוניסטישע וועלט" נום. 10 — 11 פארן יאָר 1919, וואָס איז ארויסגעגאנגען אין מאָסקווע, איז אפן 26־טן זײַטל געווען אָפּגעדרוקט אין א שווארץ רעמל: "פערעץ מארקיש און אָשער שווארצמאַן". אינעם טעקסט פון דעם נעקראָלאָג איז געזאָגט געוואָרן:

"מיר האָבן באקומען זייער טרויעריקע ידיעות פון אוקראַינע, אז אף די פראָנטן זײַנען אומגעקומען די צוויי יונגע דיכטער פערעץ מארקיש און אָשער שווארצמאַן, וואָס האָבן זיך ערשט גאָר נישט לאנג אנטפלעקט פאר אונדז אין זייער גאנצער קראפט און אייגנארטיקייט. דער ערשטער האָט שוין באוויזן ארויסצולאָזן א ביכעלע לידער "שוועלן", און דער צווייטער

האָט מער נישט ווי צעוואָרפן זײַנע
לידער אין די פאַרשיידענע יידישע
אויסגאַבעס אַף אוקראַיִנע, אָבער דורך
דעם, וואָס זיי האָבן אונדז שוין געגעבן,
האָבן אונדז די יונגע דיכטער באַוויזן
צו איבערצײַגן, אַז מיר פאַרמאָגן אין
זיי גאַנץ נײַע דערשײַנונגען אין דער
יידישער ליטעראַטור און אַף זיי ביידן
זײַנען געלייגט געוואָרן גרויסע
האָפענונגען. אָבער דער
אומבעראַכמאָנעסדיקער טויט האָט
זיי, ווי העלדן, אַרויסגעריסן פון אונדז
ניט מיט די באַגײַסטערטע פעדערס אין
די הענט, נאָר מיט די אָנגעלאָדענע
ביקסן קעגן דעם סוינע, און דאָס
איבערצײַגט אונדז נאָכאַמאָל, אַף וויפל
זייער קאַמפס־פּאָעזיע, זייער נײַע
געזונטע דיכטונג איז געווען
אופריכטיק און האַרציק. און דער
אָנווער ווערט נאָך פאַר אונדז גרעסער
און ווייטיקדיקער".

אינגיכן האָט דער זעלבער זשורנאַל
מיטגעטיילט אין א נאָטיץ אונטערן
קעפל "פערעץ מאַרקיש לעבט": "אין
פאַריקן נומער פון אונדזער זשורנאַל
האָבן מיר באַוויינט דעם טויט פון דעם
יונגן דיכטער פערעץ מאַרקיש. מיט
פרייד קאָנען מיר איצטער
קאָנסטאַטירן, אַז פערעץ מאַרקיש
לעבט, און די קלאַנגען וועגן זײַן טויט
זײַנען אַפאָנעם אַרויסגערופן געוואָרן
דורך דעם, וואָס ס'איז אומגעקומען א
צווייטער יונגער יידישער שרײַבער
ביינוש שטיימאַן..."

פערעץ מאַרקיש איז צו יענער צײַט
געווען דער אווטאָר ניט נאָר פונעם
ביכעלע "שוועלן" — פון די לידער־
זאַמלונגען "אינמיטן וועג",
"שטיפעריש", "נאָכן טעלערל פון
הימל", "פוסט און פאַס", וועלכע
געהערן צום יעקאַטערינאָסלאַווער
פעריאָד פון זײַן שאַפונג. אין
יעקאַטערינאָסלאַוו (איצט דניעפּראָ־
פעטראָווסק) איז, ווי באַוווּסט, געווען
זײַן פאָעטישער דעביוט — די
ערשטע לידער האָט ער דאָרט
פאַרעפנטלעכט אין דער צײַטונג "דער
קעמפער". צו יענער צײַט האָט
דורכגעקלונגען זײַן דיכטערישער
קרעדאָ, פול מיט רעוואָליוציאָנערן
שווּנג:

צעוואָרף איך מײַנע הענט,
דערלאַנגען זיי די וועלט פון איין עק ביזן
צווייטן,
די אויגן כ'לאָז געווענדט,
פאַרטרינקען זיי די וועלט פון אָנהייב ביזן סאָף.
מיט אויגן אָפענע, מיט א צעשפיליעט העמד,
מיט הענט צעשפּרייטע, —
ווייס איך ניט, צי כ'האָב א היים,
צי כ'האָב א פרעמד,
צי כ'בין אַן אָנהייב, צי א סאָף...

דער דיכטער איז געווען
אופריכטיק, ווען ער האָט דעמלט
געזאָגט וועגן זיך: "וואָס איז די וועלט
קעגן מײַן אייגן פירן זיך צו דער
אקיידע, די אייביקײַט, וואָס איז קעגן
מײַן שטאַרביקן אצינד?". די וועלט, אין
וועלכער ער האָט געמאַכט זײַנע
ערשטע טריט, איז שוין דעמלט געווען
פאַר אים צו ענג — און ער לאָזט זיך
איבער אירע לענגען און ברייטן, קעדיי
אײַנזאַפן אין זיך וואָס מער און
אַרויסגעבן זײַנע זעונגען אין שטײַף
געטאָקטע, פול מיט פלאַם און ברויז
פּאָעטישע שורעס.

וואָס וואָלט געווען, ווען יענער
נעקראָלאָג אין דער "קאָמוניסטישער
וועלט" וואָלט געווען טאַקע אַן עמעס?
ווײַל וויאַזוי וואָלט אויסגעזען די
יידישע ליטעראַטור אָן מאַרקישעס
"ברידער", אָן "ניט געדײַגעט" און
"אויפגאַנג אַפן דניעפער", אָן זײַנע
ראָמאַנען "דאָר־אײַן, דאָר־אויס", "דער

טראַט פון דוירעס", אַן זײַנע דראַמעס "די מישפּאָכע אַוואַדיס", "פּינפּטער האַריזאַנט", "בעלאָוועזשער וועלדער", "אויג אַף אויג", "דער קיניג פון לאַמפּעדוזע", "ווער וועמען", "מאַלצײַט", "קאַלנידרע", אַן זײַן עפּאָפּיי "מילכאָמע" — דער פּאָעמע, וואָס אַנטהאַלט 162 קאַפּיטלעך און העכער 20 טויזנט שורעס און האָט ניט קיין גלײַכן אין דער יִדישער און ניט נאָר יִדישער ליטעראַטור? און, ענדלעך, אַן זײַנע ליטעראַטור־טעאַרעטישע אַרבעטן, וועלכע ער האָט געשריבן נאָך אַנהייבנדיק פון זײַן יעקאַטערינאָסלאַווער פּעריאָד און וועלכע ער האָט פאַרגעזעצט ביז סאָף פון זײַן לעבן? — די דאָזיקע פראַגעס טרעטן ניט אָפּ פון אונדז, ווען מיר טראַכטן וועגן פּערעץ מאַרקישעס שאַפונגס־וועג.

אין זײַן שאַפונג האָבן זיך איבערגעפלאָכטן דיכטונג און פּראָזע, ליריק און עפּיק, פּערזן און פּובליציסטיק. פון סאַמע אָנהייב, ווען ער האָט זיך אַרײַנגעריסן אין דער ליטעראַטור, ווי א פרישער ווינט, וואָס האָט ניט געהאַט קיין צווייפלען, ביזן סאַמע סאָף, ווען דער כאַלעף פונעם הענקער האָט זיך פאַרמאָסטן אַף זײַן האַלדז.

וועגן מאַרקישן דעם דיכטער, דעם דערציילער, דעם ראָמאַניסט, דעם דראַמאַטורג, וועגן מאַרקישן — דעם מענטשן, דער פּערזענלעכקײַט איז אָנגעשריבן ניט ווייניק. און דאָך איז אין דעם פּראַט די ליטעראַטור־פּאָרשונג נאָך געבליבן ביז הײַנט א באַלכויוו. מיר האָבן ניט קיין גענויע מאָנאָגראַפיע וועגן זײַן שאַפונג. נאָך מער, ניט אַלץ, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון אונטער זײַן פּען, איז צונויפגעזאַמלט און אַרויסגעגעבן. לעמאָשל, ס'איז ניט באַוווּסט דעם ברייטן לייענער מאַרקישעס באַלאַדע וועגן אַן אַראָפּגעריסענער רויז, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן אין לעצטן יאָר פון זײַן לעבן. אין דער באַלאַדע ווערט דערציילט, ווי אַן אָפּגעשניטענע רויז איז געלעגן פאַרכאַלעשט, פון איר האָט נאָך געטריפט דער פרישער טוי, און זי האָט געזוכט אין כאָלעם די בלעטלעך פון דער צווײַג, אַף וועלכער זי איז געוואַקסן. וועט זי שוין מער ניט עפענען זיך אַף באַנאַכט? וועט זי שוין מער זיך ניט פאַרמאַכן צו באַגינען? און צי וועט מער אין די צויבערנעכט איר ניט זינגען דער סאָלאָוויי? און דער דיכטער פילט איר וויי:

— כ'בין ניט קיין סאָלאָוויי: דיר אומקערן איך קאָן דעם טוי,
דיך צוטוליען צום מויל — וועסט עפּשער ווידער א צעבלי טאָן?
ביז ווייטיק דיך אַן אָטעם טאָן — אַזוי...
און בלוט א שפּריץ געגעבן האָט פון מײַנע ליפּן...

אָט די לעצטע באַלאַדע מאַרקישעס איז געוווען וועגן זיך אַליין — ווי ער וואָלט געפילט, אַז ער אַליין איז אַן אָפּגעשניטענע רויז, וואָס קיינער קאָן שוין איר ניט אומקערן דאָס לעבן. אין יענעם שפּעטן האַרבסט־טאָג, ווען דער מאַלכאַמאָוועס איז געקומען נאָך אים, האָט בלוט א שפּריץ געגעבן פון זײַנע ליפּן.

דער סאָלאָוויי האָט שוין מער ניט געזונגען, און לעבן אים האָט זיך געוואַלגערט די פאַרכאַלעשטע רויז, וועלכע האָט געבענקט נאָך איר גרינער צווײַג מיט די דײַנע צאַרטע בלעטלעך...

# וואָלף נאָדעל

(1939 — 1897)

קיין גרויסע ליטעראַרישע ירושה האָט ער ניט איבערגעלאָזט, נאָר זײַנע פּובליציסטישע ווערק, וועלכע זײַנען צעוואָרפן איבער פאַרשיידענע ייִדישע און ניט־ייִדישע אויסגאַבעס, זאָגן איידעס וועגן דעם, אַז אַלץ, וועגן וואָס ער האָט געשריבן, אָנהייבנדיק פון די צוואַנציקער יאָרן ביז דער ערשטער העלפט פון די דרײַסיקער, איז געווען טאַלאַנטפול.

מע קאָן האַלטן, אַז דער אָנהייב פון זײַן פּובליציסטישער טעטיקייט געהערט צו די יאָרן 1921 — 1922, ווען ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פונעם צווייוועכנטלעכן זשורנאַל "פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג", אָרגאַן פונעם מינסקער גובערניאַלן ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אין דער זעלבער צײַט האָט ער זיך געדרוקט אין מאָסקווער "דער עמעס" און אין אַנדערע ייִדישע אויסגאַבעס. זײַנע באַליבטע טעמעס זײַנען געווען — פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, באַציִונגען צווישן דאָרף און שטאָט, באַזונדערס די געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן, וועלכע קומען פאָר צווישן דעם פּויערטום.

ער פלעג ניט זיצן אויף קיין אָרט, אַרומפאָרן איבער די ווײַסרוסישע שטעטלעך און דערפער, און ניט ווי א זײַטיקער באַאָבאַכטער, נאָר אַלס אַקטיווער פּראָפּאַגאַנדיסט פונעם נײַעם לעבן.

וואָלף נאָדעל האָט געהאַט א שאַרף אויג און א שאַרפע פען. ער האָט א סאַך געזען, א סאַך געהערט און דערנאָך געהאַלטן פאַר נייטיק זיך טיילן מיט די אײַנדרוקן. אין איינעם פון זײַנע רעפּאָרטאַזשן — "סימאָנים פון דער נײַער צײַט", געדרוקט אין דער צײַטונג "דער עמעס" דעם 23־טן דעקאַבער 1922, באַשרײַבט ער זײַן באַזוך אין א דאָרף פונעם באָריסאָווער ראַיאָן. די זעלבע טעמע — ווי־אַזוי דאָס פּויערטום באַציט זיך צו דער סאָוועטנמאַכט. ער פאַרטײַעט גאָרנישט — ניט די שוועריקייטן, וועלכע ס'לעבט איבער דאָס דאָרף, ניט די ווידערשפּרעכיקע באַציִונגען צו די פאַרשיידענע פּאַרטייען, ניט די לאַסט פון די שטײַערן.

וו. נאָדעל איז געשטאַנען באַם וויגעלע פונעם מינסקער ליטעראַריש־קינסטלערישן און פּאָליטיש־וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל "שטערן", וועלכער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אין מײַ 1925. צוזאַמען מיט ש. אַגורסקין, ב. אָרשאַנסקין, ע. אַשעראָוויטש, י. לעווינען איז ער אַרײַן אין באַשטאַנד פון דער רעדקאָלעגיע און שוין אינעם ערשטן נומער פאַרעפנטלעכט אַן עסיי, וואָס האָט זיך אָנגערופן "שטאָט און דאָרף". דאָס איז דעמלט געווען זייער אַן אַקטועלע פּראָבלעם, אַרום וועלכער עס זײַנען געגאַנגען הייסע שטרײַטן.

אָבער אין ווײַסרוסלאַנד און אוקראַיִנע איז געווען נאָך א פּראָבלעם — דאָס שטעטל. אין עמאָציאָנעלן זין האָט מען געקאָנט טאָן אַזוי, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט פּאָעטיש איזי כאַריק: "שטעטעלע, פאַרשווינד!", נאָר דאָס איז געווען ניט אַזוי פּראָסט. וו. נאָדעל האָט אין זײַן אַרטיקל געשריבן: "נאָרמאַל עקאָנאָמיש

איז עס אן איבעריקער גליד. שוין היינט הערט אויף דאָס שטעטל צו זיין דער צענטער פון סכוירעס־אויסטויש... דער וועג פונעם שטעטל — א שווערער, אָפט קרענקלעכער אָבער אומפאַרמײַדלעכער: מער צונויפגיסן זיך מיטן דאָרף, ווערן מיט אים איין עקאָנאָמישע און פּראָדוקציאָנעלע איינהייט — ביסלעכווייז אריבערגיין צו ערדארבעט..."

דרוקנדיק דאָס, באַגלייט די רעדאַקציע דאָס ארטיקל מיט א באמערקונג, אז זי איז "ניט אינגאנצן מאסקים מיט דער מיינונג פונעם כ׳ נאָדעל וועגן דער ראָליע פונעם שטעטל בא היינטיקן טאָג און מיט זיין גורל אין דער צוקונפט. אין צווייטן נומער וועט די רעדאַקציע געבן א ספּעציעל ארטיקל וועגן דער זייער וויכטיקער און אינטערעסאנטער פראַגע".

און אזא ארטיקל — "די יידישע ערד־איינאָרדענונג אין ווייסרוסלאנד" איז טאקע פארעפנטלעכט געוואָרן. זיין אווטאָר — י. אגורסקי באווייזט אפּן סמאך פון אן עקאָנאָמישן און סאָציאַלן אנאליז די גאנצע קאָמפּליצירטקייט פון דער דאָזיקער פּראָבלעם. שפּעטער וועט נאָדעל זיך ניט איין מאָל אומקערן אין זיינע עקאָנאָמישע ארבעטן צו דער דאָזיקער פראַגע.

אין דער צווייטער העלפט פון די צוואנציקער יאָרן ווערט דערקלערט א מאָביליזאציע פון ספּעציאַליסטן און פארטיי־טוער צו הילף די הינטערשטעליקע מיטל־אַזיאַטישע רעפּובליקן, און עס הייבט זיך אָן נאָדעלס וואנדערונגען איבער טורקמעניע, אוזבעקיסטאַן און קאזאכסטאַן. ער פאָרט אהין אף א לענגערער צייט. אין טורקמעניע באשטימט מען אים אלס פאראנטוואָרטלעכן רעדאקטאָר פון דער רעפּובליקאנישער רוסישער צייטונג, אין אוזבעקיסטאַן ארבעט ער ניט בלויז אלס רעדאקטאָר, נאָר אלס פאראַוואַלטער מיטן אָפּטייל פון פּראָפּאַגאַנדע און אגיטאציע אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער רעפּובליקאנישער פארטיי־אָרגאַניזאציע. אין יענער צייט באווייזן זיך אָפט אין פילצאָליקע צייטונגען און זשורנאלן זיינע ארטיקלען, רעפּאָרטאַזשן, סאָציאָלאָגישע און עקאָנאָמישע איבערזיכטן.

וו. נאָדעלס לעבנסוועג האָט זיך איבערגעריסן אין דער מיט פון די דרייסיקער יאָרן. און אומגעקומען איז ער ניט פון א באסמאטשישער קויל אין אן אוזבעקישן אַאול, נאָר צווישן קאַלטע צאַפּן־שניייען, וווּהין ער איז פארשיקט געוואָרן צוזאמען מיט זיין לעבנס־באַגלייטערן סאָניע פריי (אַנגעהויבן פונעם 1961 יאָר א מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון "סאָוועטיש היימלאנד"). פון איר טאקע, פון סאָניע פריי, האָבן מיר פארפינקטלעכט דאָס יאָר פון וו. נאָדעלס אומקום.

# די ערשטע טריט מיט איווריט

די סאָוועטישע אוילים, סטאַרען זיך וואָס גיכער אָנקומען אין אולפּאַן, קעדיי עלעמענטאַר צו דערלערנען די איווריט־שפּראַך, אָן וועלכער דו פאַרלירסט ביכלאַל די מעגלעכקײַט געפינען פאַר זיך אַן אַרבעט. ווײַזט זיך אַרויס, אַז פאַר אָט דער מאַסן־אליִא קלעקן שוין ניט קיין אולפּאַנען. מיר פערזענלעך האָט אָפּגעגליקט...

דער נאָמען אולפּאַן געפעלט מיר דאַפקע. ס׳איז אַ לײַכט און ווייך וואָרט, וואָס דערמאָנט מיר אין איינער פון די בלומען — טיולפּאַנען, וואָס פלעגן יעדן פרילינג די ערשטע זיך צעבליִען אין גאָרטן פון מײַן פאַרלאָזענער היים.

און אָט בין איך שוין צום ערשטן מאָל אין אַזאַ קלאַס צווישן אַ דרײַ צענדליק אומבאַקאַנטע פאַר מיר מענטשן פון די סאַמע פאַרשיידנסטע, איצט שוין געוועזענע פאַר זיי שטעט. די לערערן — די יונגע שוואַרצכיינעוודיקע מורע אַדי ווענדט זיך צו אונדז — צו אירע נײַע טאַלמידים מיט די ערשטע דרײַ ווערטער אָף איווריט: „שלום, בוקר טובֿ!“, פאַרצייכענען די דאָזיקע ווערטער מיט ווײַסן קרײַד אויפן שוואַרצן טאָוול. און ס׳איז קימאַט אומגלייבלעך, אַז פאַר אַ קלאַס דערוואַקסענע ייִדן איז אַזוי ווילד־פרעמד דער אַלעפבייס פון זייערע אָוועס. עס לייגט זיך בא זיי ניט די האַנט צו שרײַבן פון רעכטס אויף לינקס. און דאָך, כאָטש קרום־קײַלעכדיק, מיט מאַטערניש, אַזש דער שווייס באַווײַזט זיך אויפן שטערן, נאָר מע שרײַבט. באַזונדערס קומען אָן שווער די סאָף־אויסיִעס, אויסער דעם לאַנגן „נון“. דעם „ף“ אײַצענען אייניקע אָנשרײַבן ווי אַ נאָטן־שליסל „ף“.

אין אַ וואָך אַרום פאָדערט שוין מורע, מע זאָל קאָנען צונויפלייגן און לייענען פולע ווערטער און אויך באַנעמען דעם באַטײַט. אָן דער הילף פון נאָך איין באַקאַנטער שפּראַך גייט די לער זיך שווער. מע מוז בעשאַס די רייד־איבונגען זיך באַגיין מיט דער הילף פון זשעסטן און אַפילע פּאָשעטע קלאַנגען. אויב עפּעס אַ וואָרט איז אין דער רעגע ניט פאַרשטענדלעך, זוכט מען עס צוזאַמען מיט דער לערערן אין ווערטערבוך, דאַן כאַפּט זי אויף דאָס וואָרט אָף אַ פאַרקרימטן רוסיש, לאַכן מיר מיט איר צוזאַמען. די טאַלמידים טײַנען צו מורען: איווריט — קשאַ, און מורע טאַדלט: איר־לאַ קשה, ניט שווער.

צווישן די פיר אולפּאַנען אין שטאָט איז אונדזערער דער סאַמע ווײַטסטער, אויף אַ ראַנד־גאַס אָהער יאָגן די אוילים־כאַדאַשים ווי פאַרשײַטע יעדן אינדערפרי, קעדיי אויסזיצן מיט געדולד די באַשטימטע לערן־שאָען, פון אַכט ביז איינס באַטאָג, טיילנדיק די לאַנגווײַליקע צײַט צווישן די צוויי האַלבשאָיִקע האַפּסאָקעס, ביז עס צעעפענען זיך די טירן פון אַלע פינף קלאַסן און דער רוישיקער אוילעם פאַרפילט די קאָרידאָרן און באַלקאָנען פון דער געבײַדע.

נאָך די פאָר שאָ קוועטשן אַ באַנק אינעם דושנע קלאַסן־צימער לויף איך גערן אַרויס אויפן באַלקאָן פון אונדזער אולפּאַן־הויז, וואָס שטייט אויפן הויכפּונקט פון דער שטאָט מיטן נאָמען קיריאַט אַטאַ — איינע פון די געדיכט־באַזעצטע קיריאַטן אַרום כײַפע. פונדאַנען איז אַזוי ליב און אָנגענעם אַרײַנעטעמען אין זיך די פרישע לופט, וואָס איז דאָ פול מיט דופטיקע רייכעס פון קוסטעס און בלומען, וועלכע בליִען אַ גאַנץ יאָר. אַנטקעגן שטייט אַ בוים, אַ באַשאָטענער מיט העל־געלן צוויט, וואָס דערמאָנט אין דער בלום פון דער קרימער און קאַווקאַזער מימאָזע. דאָ, אינעם איבערגאַנגס־זמאַן צווישן פרילינג און זומער, ווען אַלץ אַרום — די ציטרוס־ביימער, אַלע מינים דעקאָראַטיווע קוסטעס און בלומען — זײַנען אין פולן בלי, ווערט די לופט אָנגעזעטיקט מיט אַזעלכע אַראָמאַטן און דופטן, אויף ניט צו פאַרגלײַכן מיט די רייכעס פון די טײַערסטע פראַנצויזישע פּאַרפומען, ווערסט פון דעם ווי פאַרשיקערט. הײַנט דער בלוי־בלויער הימל אין אָט די שײנע זוניקע טעג, ווי

פון אָט דער דורכזיכטיקער בלויקייט קוקט ארויס פונעם האָריזאָנט כייפע — די באַרגיק עקזאָטישע שטאָט אויפן סאַמע ברעג פונעם מיטללענדישן יאַם, וועלכע דער מענזוול, סאַדאַם כוסיין האָט ניט לאַנג צוריק אזוי באַרבאַריש באַשאָסן מיט זיינע „סקאַד"־ראַקעטן. אין אָט די שווערע טעג האָט מען די אולפּאַנען, באַגלייך מיט די קינדער־שולן, געשלאָסן. עס זיינען געווען פאַרלוסטן, די שטאָט איז אָבער אויסגעשטאַנען, די שטאָט לעבט.

וואָס נאָר קאָן מען זיך ניט אָנזען און אָנהערן יעדן טאָג אין די קלאַסן פונעם אולפּאַן, באַזונדערס אין די קאָרידאָרן בעשאַס די האַפּסאָקעס, ווען דאָ און דאָרט שטייט מען רעדלעכווייז, ווער עס רייכערט, ווער עס קייעט עפּעס. מע רעדט, מע טייַנעט. פאַראַן וועגן וואָס צו שמועסן. דעריקער, פאַרשטייט זיך, וועגן דער אַבסאָרבציע, פון וואָס עס זיינען שוין אַ ייליק געוואָרן די ציין. וויאַזוי וועט מען זיך איינאָרדענען, צי וועט מען אַמאָל קריגן אַ דירע און עפּעס אַן אַרבעט? דערווייל זיץ אין אולפּאַן און וואַרט אויף אַ גוטן וועטער באַם יאַם.

— איַיל זיך ניט, — רופט זיך אָן איינער פונעם רעדל, — פאַרענדיק פריער דעם אולפּאַן. די „לישקאַט אַוואָדאַ" (די אַרבעטס־ביוראָ) פאָדערט אַ פּאַפּיר, אַז דו האָסט פאַרענדיקט דאָס לערנען און דאַן וועט מען דיר צוזוכן אַן אַרבעט, אָדער שיקן אויף קורסן.

— מענטשן האָבן שוין דאָס שטיקל וועג דורכגעמאַכט, — רופט זיך אָן אַ צווייטער, — און אָן דערפאָלג...

מיטאַמאָל שפּרינגט אַרויס פונעם רעדל אַ נידעריק־וווּקסיק פולבלעך פאַרשווינדל מיט אַ זינגעוודיקער אָדעסער אויסשפּראַך.

— די ייִסרעיילים זיינען ניט קיין שלעכטע כעזשבנפירער, — טייַנעט ער, — זיי ציילן די צאָל אוילים, נאָר ניט די מענטשן, וועלכע זיינען געקומען אַהער לעבן. איר געדענקט דעם פּאָמפּעזן אופנאַם אין אַעראָפּאָרט בען גוריאָן מיט רעדעס און געזאַנג? און אויפן אַנדערן טאָג פאַרגעסט מען אין אייַך. איך און מיין ווייַבעלע האָבן אויף אַזוינס זיך ניט גערעכנט. נאָר וואָס קאָן מען איצט טאָן? אַלע לויפן, בין איך אויך געלאָפן, מיר ווייסן פאַרוואָס. עמעס, ניט אַהער האָב איך געדאַרפט לויפן. ס'איז קיין אַנדער אויסוועג ניט געווען, אַלע אַנדערע לענדער האָבן זייערע טויערן פאַרמאַכט.

דער קאָרידאָר הערט און ווייסט אַלץ, אַלע דייַגעס און זאָרגן פון די באַיאָרטע טאַלמידים, וועלכע טראַכטן וועגן זייער אויסקומעניש, דערמאָנען די אַמאָל זאָרגלאָזע און ליכטיקע צייַטן און די איצט אַזוי אומזיסט פאַרשוואַרצטע היים.

איר קאָנט דאָ אויך זיך אָנהערן וועגן פאַרשיידענע גויראָלעס פון מענטשן, וועגן קינדער, וואָס האָבן ערגעץ איבערגעלאָזט זייערע טאַטע־מאַמעס, אָדער וועגן עלטערן, וואָס האָבן, מעגלעך, אויף אייביק זיך צעשיידט מיט זייערע קינדער און אייניקלעך, אַפילו וועגן צעשטערטע ליבעס און אומגעלומפּערטע געטן, איבער סיבעס פון די אַרויספאָרן. בעשאַס אַ יאָגעניש קאָן דאָך אַלץ פּאַסירן. עס דערגייען אַהער אויך פאַרשיידענע סענסאַציאָנעלע נייַעס פון די צייַטונגען, פון דער טעלעוויזיע. אָט איז איינער פון די אוילים באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ערגעץ האָט מען באַגאַנוועט אַ קאַראַוואַן...

פון צווישן די אולפּאַן־טאַלמידים טיילט זיך אויס איינער אַ הויכער, שטאַלטנער מאַנצבל אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ קורץ געשוירן בערדל, מיט אַ קיפּע אויפן קאָפּ, אין האַלבע הייזלעך. אין ייִסראָעל טראָגן אין די היצן יונג און אַלט אַזעלכע שאָרטן. לאָזט זיך אויס, אַז אָט דער מענטש איז פון ביראָבידזשאַן. אין זיין שטאָט וואָלט אים אין אַזאַ הוילעך דער ערשטער מיליציאָנער פאַרהאַלטן. ווי אַן אינטערעסאַנטן און לעבהאַפטן דערציילער הערן אים די קאָלעגן פון זיין קלאַס מיט נייַגער. זיי האָבן דאָך ווייניק־וואָס געוווּסט וועגן דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, וועלכע איז אין זייערע מעקוימעס געווען ניט איבעריקס פּאָפּולער.

— אויב די אַליִא 1990, — באַמערקט דער בירָאָבידזשאַנער, — האָט געווירקט אַרויסצופאָרן ניט נאָר אויף מיר, נאָר אויף אַנדערע מישפּאָכעס פון בירָאָבידזשאַן, איז אַ סימען, אַז זי האָט דערגרייכט אַ הויכע מאַדרייגע, ווייַל ביז אַהער זיינען פון דאָרט קיין ייִדן ניט געפאָרן.

עמעצער פון די מיטשפּרעכער האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד:

— צוליב וואָס איז אַהער דאָס יאָגעניש אַזש פונעם סאַמע ווייַטן מיזרעך? צו אייַער קאָנט איז דאָך די „פּאַמיאַט" ניט דערגאַנגען. עס פעלט דען דאָ די מאַנע פון הימל? אָט וועט באַ אייַער מישפּאָכע זיך ענדיקן דער טערמין פון דער אַרענדירטער דירע, איז שלאָג זיך קאָפּ אין וואַנט. זוך ווידער אַ וווינונג און זוך אַרבעט, ווען די פּרייַזן אויף דירעס שטייַגן מעשוגענערווייַז און די אַרבעטלאָזיקייַט האַלט אויך אין איין וואַקסן...

יעדן טאָג, נאָך דער ערשטער האַפּסאָקע, מאַכט מורע אָדי אַן איבערוף פון אירע טאַלמידים לויטן זשורנאַל. אייניקע קלאַסן ווערן שיטערער, ווייַל אַ טייל טאַלמידים נישטערן ערגעץ־ווו כאָטש אַ צייַטווייַליקע

אַרבעט, עפּעס צו פֿאַרדינען. אין אולפּאַן רופֿט מען אַלעמען בלויז מיט די נעמען — סאָרע, לייע, ייִצכאָק, יאַקאָוו. אין רוסלאַנד זײַנען ייִדישע נעמען געווען דאָסראָוו רוסיפֿיצירט, דאָ, פֿאַרקערט, ווערן זיי צוריק פֿאַרייִדישט — אַרקאַדי ווערט אַווראָם, דמיטרי — מאָרדעכײַ, סאָפֿיע ווערט סאָרע און ליזע — לייע.

איבער אַ פּלאָנטער פֿון נעמען און פֿאַמיליע־נעמען האָט מײַנער אַ פֿרײַנט אין מאָסקווע געהאַט גענוג צאָרעס באַם אײַנגעבן די פּאַפּירן אויף אַרויסצופֿאָרן. אין זײַן אַנקעטע האָט ער אָנגעגעבן, אַז ער איז אַ ייִד, זײַן נאָמען און פּאָטערנאָמען איז באָריס יונאָוויטש, ווען ס׳איז דערגאַן צום קאָנטראָלירן זײַן פּאַס און די מעטריקע, איז ער דאָרט פֿאַרשריבן באָריס איוואַנאָוויטש, און דערצו נאָך לויט דער נאַציאָנאַליטעט אַן אוקראַינער. האָט ער, נעבעך, געהאַט צו זינגען און צו זאָגן — געבאָרן אין זײַן געבורט־שטעטל זוכן אײַדעס, וועלכע זײַנען שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ — די פּאַשיסטן האָבן דאָס גאַנצע שטעטל אויסגעהאַרגעט. און נאָך אַלע פּלאָגענישן וואָלט ער ערשט געדאַרפֿט אַלץ דורכפֿירן דורכן גערילכט. האַקיצער, מײַן פֿרײַנט האָט, נעבעך, אַזויפֿיל געכלאָפּאָטשעט, ביז ער האָט געכאַפּט אַן אינפֿאַרקט און איז געשטאָרבן. אָט האָט איר אײַך אַ בײַשפּיל, ווי ס׳איז שווער צו זײַן אַ ייִד, מאַניפּולירנדיק אַפֿילו מיטן נאָמען, פּאָטערנאָמען און מיט דער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט.

און נאָך אַ בײַשפּיל: מײַן נײַער באַקאַנטער — אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, אַ סטאָמאַטאָלאָג פֿון קאַראַגאַנדאַ, האָט אָנגעהויבן לערנען אין אולפּאַן מיט צוויי כאַדאָשים שפּעטער פֿון מיר — קאָפּל איז זײַן נאָמען. אין רוסלאַנד האָט מען אים גערופֿן קאָנסטאַנטין. קאָפּל איז לויטן כאַראַקטער אַן אָפּטימיסט. אויב עס גייט אים שווערלעך צו דאָס לערנען איווריט — נישקאָשע, ניט שרעקלעך. וועט ער ניט געפֿינען קיין אַרבעט לויט זײַן פֿאַך, איז אים אויך ניט געפֿערלעך. איינער פֿון זײַנע צוויי זין אַרבעט און לערנט איווריט אין אַ קיבוץ בײַ דער לעוואַנאָנישער גרענעץ, דער צווייטער גייט לערנען אין אַ בייטסעפֿער — איז דאָך ווידער גוט.

— איך בין אַ געוועזענער „אַטקאַזניק“, — טײַנעט ער, — כ׳האָב פֿאָפֿריער געוווּסט, אַז איך פֿאָר אַהער ניט לעקן האָניק, ניט אויף אַלעם גרייטן...

קאָפּל עלבאַום איז אַ געבוירענער אין ריגע, נאָר אַלע יאָרן, זינט ער איז אַריבערגעפֿאָרן מיט זײַנע עלטערן פֿון כאַרבין קיין קאַראַגאַנדאַ, האָט ער געליטן פֿון זײַן כינעזישער אָפּשטאַמונג — אָבער מיט דער ניט געוויינלעכער מעטריקע, אַ געשריבענע אויף דרײַ שפּראַכן, אויף כינעזיש, רוסיש און ייִדיש, דערצו נאָך באַגלייט מיט אַ כסימע פֿונעם ראָש פֿון דער כאַרבינער ייִדישער קעהילע מיט זײַנעם אַ שטעמפּל, האָט זי, די מעטריקע, מאַמעס געשטאָכן די אויגן בײַ די לײַט פֿון דער קאַגעבע — ניט אַנדערש, אַז קאָפּל עלבאַום איז אַ רעזידענט, אין דער קאַראַגאַנדער געגנט זײַנען דעמאָלט געווען גענוג לאַגערן — אַ גאַנצער אַרכיפּעלאַג־גולאַג, האָט מען אין איינעם פֿון די לאַגערן אַרײַנגעטריבן אויך קאָפּלען — זאָל ער בעסער זיך וואַלגערן דאָרט, איידער נאָך אים נאָכשפּירן אויף דער פֿרײַ, ניט געקוקט אַפֿילע אויף דעם, וואָס ער האָט באַווײַזן אַן אָפּיציעלן פּאַפּיר וועגן דעם, אַז זײַן אורזיידע יויסעף עלבאַום — אַ פּאַטריאָט פֿון רוסלאַנד, האָט אַמאָל בעשאַס דער אַזויגערופֿענער קרימער מילכאָמע פֿאַרטיידיקט סעוואַסטאָפּאָל אַלס אַ קאַנאָניר און האָט אין איינער אַ שלאַכט מיט דרײַ סנאַריאַדן פֿון זײַן האַרמאַט דערטרונקען אַ טערקישע שיף. דערפֿאַר איז ער באַלוינט געוואָרן מיטן אָרדען „הייליקע אַנאַ“ אויף אַ בלויער סטענגע, דערבײַ באַקומען פֿונעם צאַר אַליין אַ פּריווילעגיע־פּאַפּיר צו וווינען אין אַלע שטעט פֿון רוסלאַנד, דערונטער אין מאָסקווע און פּעטערבורג. אַזאַ איז קאָפּל עלבאַומס ווײַטע פֿאַרגאַנגענהײַט.

אין ייִסראָעל האָט קאָפּלען מיט דער כאַרבינער מעטריקע דאָפּקע אָפּגעגליקט, ער האָט דאָ געפֿונען די געזעלשאַפֿט פֿאַר ייִדן, אָפּשטאַמיקע פֿון כינע, וועלכע האָט אים אויפֿגענומען מיט אָפּשײַ, אויסגעטיילט מאַטעריעלע שטיצע, געהאָלפֿן זיך אײַנאָרדענען אויף אַרבעט אַלס נאַכט־שוימער אין אַ קליינער אונטערנעמונג. קאָפּל זאָגט מיט אַ שמייכל: זאָל עס הייסן, אַז איך בין דאָ דער נאַכט־דירעקטאָר, כאָטש דער באַלעבאָס קאָן אין אַ באַליביקן טאָג מיך אָפּזאָגן פֿון דער אַרבעט...

וויפֿל מענטשן, אַזויפֿיל גוירלעס, אַזויפֿיל דערפֿאָלגן און דורכפֿאַלן. מיט מײַנע באָאָבאַכטונגען אין אולפּאַן האָב איך אין דעם אַן איבעריקס מאָל זיך איבערצײַגט. דאָס נײַ געשעענע האָב איך אויפֿגענומען ווי אַן אָפּבילדונג פֿון אָט דעם נײַעם אָרט לעבן, ווי אַ שפּיגל פֿון דער מאָסן־אַליִא 1990 — 1991.

**יויסעף שוסטער**

**קיריאַט אַטאַ**

# וויאטשעסלאוו פּאָלישטשוק



דער זיידע

Старик 1991 г.

אלס עפּיגראַף צו זײַן מאָסקווער אויסשטעלונג אין 1991 האָט וויאטשעסלאוו פּאָלישטשוק אויסגעוויילט די ווערטער פֿונעם בארימטן ייִדישן שרײַבער, דעם נאָבעל־לאורעאט אי.באשעוויס־זינגער: "קאָלז־מאן דער פּאָעט איז אף דער וועלט זוכט ער און געפינט די שײַן פון ליבע אפילע אין דעם סאמע כּוישעכדיקן טהאָם פון אומיוישער און בײזקײַט".

אין דער פריִער יוגנט פלעג סלאווא יעדן זומער פארברענגען בא די עלטערן, וואָס האָבן פארהיט די אײגנארטיקע סוויווע פונעם ייִדישן שטעטל. דעמלט האָט נאָך אין סלאוועס געבורט־שטאָט קלינצי געלעבט דער זיידע. זײַנע מײַסעס איז געווען א מעכײַע צו הערן. ער פלעג צומאָל מיטנעמען מיט זיך סלאווען אין בעסמעדרעש. די טאלײסים אף די מאנצבלען, דאָס דאוונען מיט קאָלערלײ ניגונים — אלץ איז געווען וווּנדערבאר, ווי אויך דעם עלטערזיידנס אלטע קלײנינקע שטוב, דער הויף מיט קוסטעס ווײַנפּערלעך, ווײַנשלבײמער און עפּלבײמער. טאקע פון דאָרטן שטאמען די "צען שאבעס־לידער".

וייעו מעכאבער זאָגט: "מײַן בענקשאפט נאָך זיעם, וואָס איז פארגאנגען, דאָס איז א ווענדונג ניט נאָר צו דער עמונע. דאָס איז א ווענדונג צום גײַסט, וואָס איז געווען דער יעסאָד פונעם לעבן אין ייִדישן שטעטל... די "צען שאבעס־לידער" — דאָס איז ניט קײן סאכאקל. דאָס איז א וועג. אן אומקער צום אָנפאנג. וואָס זשע ווײַטער? איך ווייס ניט. פאר מיר איז דער גײַסטיקער אינהאלט פון אָט די בילדער קוידעמקאָל א פּרוּוו זיך דערנענטערן צו פּאָשעטע זאכן, קאָלאָסאלע און איבער די קויכעס אָנגעלאָדענע אין זייער אײנפאכקײַט".

**גריגאָרי פרייד**
**קאָמפּאָזיטאָר**



Полуденная молитва 1991 г.

דער זאָקן אין ווײַסע באַגאָדים

# ВЯЧЕСЛАВ ПОЛИЩУК

Эпиграфом к своей выставке В. В. Полищук взял слова из Нобелевской речи И. Башевиса-Зингера: “До тех пор, пока поэт пребывает в этом мире (...) он ищет вечные истины и сущность бытия, пытается найти свое решение загадки времени и перемен, свой ответ на страдание. Он ищет и находит свет любви даже в самой мрачной бездне несправедливости и зла.”

Биография В. В. Полищука лишена ярких внешних событий. В его холстах отражены события внутреннего мира — тихие, незримые движения души, которые составляют главную ценность художественного творчества.

До семнадцати лет Слава каждое лето проводил на родине в Клинцах. Еще оставались старики, сохранившие неповторимую среду еврейского местечка. Дедушка. Он хорошо рассказывал. Он брал Славу с собой в синагогу. Молитвы, песни... Удивительная атмосфера большой дружной еврейской семьи. Старый, маленький дом прадеда. Двор. Кусты ягод. Вишни, яблони. В сарае дети находят корзину с фронтовыми письмами. И прошлое, трагическое прошлое старшего поколения становится зримым... Так родились “Десять песен Субботы”: “Песня моего деда”, “Человек с петухом”, “Моя песня”, “Молитвы” — утро, полдень, вечер. “Песня последней ночи в Клинцах”, “Старик в белом”...

Сам автор говорит: “Моя печаль по тому, что ушло, это обращение не только к вере. Это обращение к духу, составляющему основу жизни еврейского местечка. Печаль по теплу, так долго и бережно сохранявшемуся и полностью уничтоженному сейчас...

“Десять песен...” — это не итог. Это путь. Возвращение к началу. Что дальше? Не знаю. Для меня — духовное содержание этих картин прежде всего — попытка приблизиться к простым вещам; громадным и непосильным в своей простоте.”

**Григорий ФРИД**



Моя песня (посвящается Г. С. Фриду) 1991 г.

מײַן ליד געווידמעט ג. ס. פרידן

И вот в ночь на второе адара раби Лев поднялся на чердак Старо-Новой синагоги в сопровождении Голема. Яаков и Исаак уже поджидали их. Раби Лев достал из ларя, что стоял у стены, четыре свечи и зажег их. Все трое прочитали псалом, а затем раби Лев сказал Голему:

— Ложись и усни.

Голем повиновался, улегся на пол и тотчас крепко уснул. Раби Лев приблизился к нему и вытащил у него изо рта кусочек пергамента с начертанным на нем Именем Бога.

— Я — воздух, — сказал затем раби.

Повторяя священную формулу, он обошел вокруг Голема раз, и другой, и третий. После того, как он закончил первый круг, на чердаке потянуло ветерком. После второго круга ветер окреп и затушил одну свечу, после третьего это был уже не ветер, а настоящий вихрь. Все свечи потухли, и мгла окутала чердак. Раби Лев продолжал ходить по кругу. После того, как он закончил седьмой круг, ветер вдруг утих.

— Теперь твоя очередь, Яаков, — сказал раби. — Ты — вода. Сделай семь кругов справа налево. — И он шепнул Яакову на ухо священную формулу.

Яаков двинулся вокруг Голема. После первого круга за окошком упала капля дождя, после второго дождь зашуршал по крыше, после третьего хлынул настоящий ливень. Яаков продолжал ходить и бормотать священные слова. Как только он завершил все семь кругов, ливень утих и прекратился.

— Теперь твой черед, Исаак, — сказал раби Лев. — Ты — огонь. Сделай семь кругов слева направо. — И он шепнул ему на ухо священную формулу.

Как только Исаак сделал первый круг, за окном полыхнула зарница. После второго круга сверкнула молния, после третьего огненный смерч прорезал небо. Удары грома заглушали голос Исаака, но тот продолжал ходить вокруг Голема. Когда он завершил все семь кругов, гроза и буря утихли.

Раби Лев вновь зажег потухшие свечи, и трое мужчин увидели, что Голем исчез, а посреди чердака возвышается куча красной земли. Воздух, вода и огонь покинули глиняное тело Голема, и он опять стал тем, чем был всегда — прахом.

Раби Лев задул свечи. Трое мужчин молча покинули чердак. Раби Лев запер за собой дверь и спрятал ключ в такое место, где его никто не мог бы найти. С тех пор никто и никогда не подымался по лестнице, ведущей на чердак Старо-Новой синагоги, хотя сама синагога стоит в Праге и по сей день.

*Пересказала Ора ШИР*

— Ишь чего выдумал! — возмутилась торговка. — Хочет, чтобы за его гроши я ему отдала весь ларек!

Немного поразмыслив, Голем решил, что женщина права. Это именно то, чего он хочет. Он поднял ларек вместе со всеми яблоками и торговкой впридачу на плечо и двинулся домой. И сколько бедная женщина ни кричала, ни плакала и ни просила опустить ее на землю, Голем продолжал шагать со спокойным и невозмутимым видом. Подойдя к дому раби Лева, он остановился в некотором раздумье. Дело в том, что ларек не пролазил в двери.

— Надеюсь, — сказал раби Лев жене, — что уж теперь-то ты не станешь поручать Йосефу никакой домашней работы.

— Чтоб он провалился, твой Йосеф! — проговорила Перл в сердцах.

Успокоить визжащую торговку оказалось не так-то просто. Раби Лев и Перл долго слушали ее вопли и причитания, пока не догадались наконец пригласить ее на свадьбу Мирьям. Это несколько смягчило пострадавшую, и она почти утихла. Правда, прежде чем уйти, она взяла с раби слово, что ларек будет водворен на место.

Разумеется, после этого случая никто уже больше не пытался нарушать блаженного покоя Голема и поручать ему какие бы то ни было дела. Целый год, если не больше, просидел тот на солнышке без всяких мыслей и занятий, пока однажды Хая, младшая дочка раби, не пришла к отцу и не попросила:

— Папа, сделай мне маленького Голема.

— Зачем тебе маленький Голем? — спросил раби Лев, несколько растерявшись.

— Чтобы делал все, что я захочу, — ответила девочка.

— Но почему ты думаешь, что я могу сделать Голема? — поинтересовался раби.

— А как же! — сказала Хая. — Ты ведь сделал нашего Йосефа.

«Вот так история! — подумал раби. — Я был уверен, что во всей Праге об этом знают только три человека — я сам, Яаков бен Хаим-Сасон и Исаак бен Шимшон. Но если тайна Голема стала известной даже такой маленькой девочке, как Хая, то что же говорить обо всех остальных!.. Это никуда не годится!»

Раби Лев провел ночь без сна, а под утро решил, что вернет Голема туда, откуда он был взят. «Пока не случилось какого-нибудь несчастья», — сказал себе раби.

Повидавшись с Яаковом и Исааком, раби обсудил с ними план действий.

— Видите, — сказал раби, — наши враги оставили свои козни и больше не досаждают нам ни словом, ни делом. Император благоволит к нам, и мы уже не нуждаемся ни в какой защите. Я думаю, было бы неразумно и даже опасно удерживать Голема в Праге или вообще в Богемии.

— Куда же мы его денем? — спросил Яаков.

— Обратим его в прах, из которого он был создан, — сказал раби.

— Пусть будет так, — сказали Яаков и Исаак.

— Остановись! — приказал раби. — Больше воды не требуется.

Голем тут же повиновался, как ни в чем не бывало, поставил ведра на лавку и не спеша вернулся на свое место на солнышке. С этих пор Перл не пыталась давать ему поручения.

— Как священные сосуды нельзя употреблять для обыденных нужд, — сказал раби, — так и Йосефа нельзя превращать в простого работника. Он создан с особой целью и должен соответствовать своему призванию.

Перл вынуждена была согласиться. Если эта дурья башка не понимает, что значит «натаскать в дом воды», то уж, конечно, лучше его не трогать.

Но с течением времени история с водой стала казаться Перл уже не такой ужасной, а тут как раз раби Лев нашел жениха для сиротки Мирьям. Собрали приданое и назначили день свадьбы. И снова на бедную Перл свалилось столько дел и забот, что она совсем потеряла голову. А Голем по-прежнему сидел на лавочке.

— Уж если это не святое дело — выдать сироту за хорошего человека, — сказала Перл, — то я вообще ничего не понимаю в жизни. А ну-ка, священный сосуд, подымайся и принимайся за работу. Прежде всего сходишь в деревню к рыбакам и купишь хорошего свежего карпа. Вот тебе деньги, а вот кошелка. Принесешь рыбу домой и отдашь мне прямо в руки, понятно? А потом пойдешь на рынок и купишь яблок, ясно?

Голем кивнул и отправился в деревню к рыбакам, где ему предложили замечательного, огромного, только что пойманного карпа. Голем купил его, уплатил, сколько сказали, сунул рыбу в кошелку и двинулся в обратный путь. Но карп не желал смирно сидеть в кошелке, он вился, бился, подпрыгивал и выскальзывал наружу. Голем ловил его, запихивал поглубже, но через минуту все повторялось снова. Тогда Голем вытащил беспокойную рыбу из кошелки и сунул себе за пазуху. Уж отсюда-то ей было не выскользнуть. Но карп и тут продолжал биться и крутиться. И в тот момент, когда он хлестнул Голема хвостом по лицу, бедняга не выдержал. Ни один пражский хулиган не позволял себе по отношению к нему подобных выходок. Голем извлек наглеца из-за пазухи, треснул разок кулаком по башке и с размаху швырнул в реку. Затем он вернулся с пустой кошелкой домой и знаками объяснил Перл, как было дело и почему он не сумел исполнить ее приказания.

— Ничего себе богатырь, ничего себе силач! — сказала расстроенная Перл. — Как же я справлюсь со всеми этими делами?

Этого Голем не знал. Даже если бы он не был немым, он вряд ли сумел бы ответить на этот вопрос. Перл забрала у Голема кошелку и сама отправилась к рыбакам.

А Голем? Голем пошел на рынок. Ведь если первая часть поручения оказалась ему не по плечу, это еще не означало, что следует отказаться от выполнения второй. Он отыскал ларек, в котором продавались яблоки, и выложил денежки. Но поскольку денег после покупки злополучного карпа осталось не так уж много, яблок он получил самую малость. И это ему не понравилось. Он принялся знаками объяснять торговке, что она должна дать ему еще.

